# וועו פונדאַמענטן טרייסלען זיך...

פון

שלמה בריינסקי



אַרויסגעגעבן דורכן ביכער פאָנד פון די
זשעלעכאָווער לאַנדסלייט איבער
דער וועלט.



שיקאַגע, אילינאָי

1951

הילע געצייכנט

פון

מ. באַהעלפער

פּאַריז, 1951

INTERNATIONAL PRINTING CO.

3138-40 West Roosevelt Road

Chicago 12, Ill.

 587

# I.

# ווען פונדאַמענטן טרייסלען זיך...

נ א ו ו ע ל ע

# קאַפּיטל 1.

אַ פּינצטערע נאַכט האָט פאַרהילט דאָס שטעטל, אַ פוילער דראָב־נער ווינט האָט זיך אַיינגעפרעסן אין אַלץ, וואָס ער האָט נאָר אויפן וועג אָנגעטראָפן, זיינען די גריבלעך צווישן דעם שטיינערנעם ברוק, פול גע־וואָרן מיט שיטערע בלאָטע, זיינען די שינדל דעכער פון די הייזלעך אָנגעזאָפּט מיט פוילער און נאַסער גליטשיקייט און דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ווי אַיינגעהילט און אַרומגענומען ווי מיט אַ שוואַרצער און פון נאַסקייט דורכגעזאַפּטער טוך.

די לאָדנס זיינען אומעטום געווען פעסט פאַרמאַכט. און אַפילו ווען זיי וואָלטן אָפן געווען, וואָלט אויך דאָס פינצטערניש נישט מילדער גע־ווען. ווייל די נאַכט, וועגן וועלכער עס דערציילט זיך דאָ, פאַלט אויס אינדערצייט, ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט פאַרפעסטיקט זייער ממשלה אין פוילן, אינדערצייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. און ווער האָט דעמאָלס פאַרמאָגט אויף אָנצוצינדן אַ לאָמפּ! האָט מען פאַר־נאַכט אָפּגעקאָכט וויעטשערע ביי דער שיין פון אַ קליין כלישטשערל און באַלד נאָכן עסן זיך געלייגט שלאָפן. לויט דער שטילקייט און אָפּגע־שטאָרבנקייט פון די גאַסן, האָט מען געקאָנט מיינען מי יודע ווי שפּעט אינדערנאַכט עס איז שוין. אינאמתן, אָבער, איז נאָך געווען גאַנץ פרי. און אַן אַנדערש מאָל האָט אין דער זעלבער שעה — אין די היימען פון די שטעטלדיקע באַלמעלאָכעס און קרעמער — געקנאַקט אַ פריילעך פייער אין קוימען, מאַמעס האָבן געקאָכט וויעטשערע, טאַטעס האָבן גע־נייט אויף מאַשינען, אָדער געקלאַפּט מיט שוסטער האַמערס, ייִנגלעך זיינען מיט געפילדער געקומען פון חדר און אַ גערויש פון אַ קאָכעדיק

אין, אַפּילדיק לעבן האָט אָנגעפּילט די היימען. אָבער ווי שוין דערמאָנט, איז די צייט געווען אַ געשלאָגענע און דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען אָפּגעשטעלט, פּונקט ווי אַ זייגער, אין וועמענס געדערים עס איז עפּעס קאַליע געוואָרן און דער היימישער טיק־טאַק איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. פּונדעסטוועגן זיינען נאָך אין שטעטל געווען שטובן, וועלכע האָבן געלעבט מיט דעם פּולבלוטיקן לעבן פון אַמאָל, שטובן, וועלכע זיינען נישט אָנגערירט געוואָרן פון דער געשלאָגענער צייט, שטובן וואו דער לעבנס־פּולס האָט געקלאַפּט מיט דער זעלביקער האַסטיקייט פון אַמאָל.

נאָך דעם לעצטן הויז פון דער בית־עולם גאַס, שפּרייט זיך אויס אַ שמאָלער לאַנגער פּלאַץ. רעכטס פונם פּלאַץ גרינט זיך אַ לאַנגער שמאָלער פּאַס לאָנקעס וואָס קאָלערט אַלץ משופּעדיקער ביז ער קאָלערט זיך דאָ דורך אַ וועג מיט זיינע געשליפענע שטאָלענע וואַסערן און לויפט מיט האַסטיקייט אַוועק ערגעץ העט ווייט, ווייט . . .

ביים רעכטן ברעג פון טייכל, הייבט זיך דער פּאַס לאָנקעס אויף אַלץ העכער און העכער ביז צום שאָסיי. פון דאָרט מינעט זיך זומער־צייט אַ גאָלדיק ווייצן פעלד, אָדער עס זילבערט זיך אַ פּירקאָנטיק שטיק גריקע. און ווען מען וואַרפט אַ בליק פון דעם פּלאַץ אויפן אַרום, זעט די גאַנצע געגנט אויס ווי אַ ברייטע גרינע קאַרעטע, פון רעכטס אינגאַנצן אָפן, און לינקס פאַרמאַכט מיט אַ טונקל בלויע וואַנט פוןביימער, וועמענס שפּיצן טונקען זיך אין דער העלער בלויקייט פון האָריזאָנט.

אָט אויף דעם פּלאַץ האָט מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, ר׳ שמואל נירמאַן אויפגעשטעלט זיין לעדער פאַבריק, אַ הויכע געמויערטע געביידע מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער ווי אַ תפיסה. נישט ווייט פון דער פאַבריק, שטייט אַ צוויי שטאָקיק הילצערן הויז מיט אַ גאַניק אויף דער גאַס אַרויס. אין אָט דעם הויז איז איצט נאָך נישט געווען פינצטער. אמת, די לאָדנס זיינען געווען פעסט פאַרמאַכט, אָבער אינווייניק איז געווען ליכטיק און וואַרעם. אין דער דריטער שטוב, נאָך דער קיך, איז געזעסן ביים טיש ר׳ שמואל, אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער, אַ פולער, מיט אַ פּנים אַ בלייכס און אויגן בלויע, עטוואָס פאַרנעפּלטע, וואָס האָבן זיך אַלע ווייל אַ קנייטשט געטאָן מיט אַ רחמנות מינע צו זיך אַליין, גלייך אָט די אויגן וואָלטן כסדר געהאַלטן אין באַדויערן דעם באַלעבאָס זייערן נעבאַך. אַ שוואַרצע באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבערנע פעדים, האָט אַרומגענומען זיין בלאַסלעך פּנים. און פון דעם גאַנצן ייד, אי פון די

בן יחידישע קנייטשלעך אויף זיין פנים, אי פון די בלויע עטוואָס פאַר־נעפּלטע אויגן און אי פון זיין ווייכן קעצישן גאַנג, פון אַלץ האָט געוויִעט מיט אַזאַ רחמנות מינע, גלייך אַלץ אין אים וואָלט געטענהט: איך בין דאָך אַן איידעלער ייד און אַ שוואַכער מענטש, אַ ליאַדע בלאָז און עס איז שוין נאָך מיר.

ביי ר׳ שמואלן אין שטוב האָט ב״ה דערווייל נישט געפעלט קיין נאַפּט. אַ העלע שיין פון אַ גרויסן בליך־לאָמפּ האָט באַלויכטן דאָס איי־דעלע פּנים פון ר׳ שמואלן. אמת, די לעדער פאַבריק איז געשטאַנען, אָבער דאָרויף האָבן געהאַט צו זאָרגן די צוואַנציק אַרבעטאָרערס, וועלכע זיינען געבליבן אָן ברויט. ווייל, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס ווייסט דעם אמת ווער עס איז ביכולת און האָט כוח צו לויפן צוואַנציק וויאָרסט אין אַ ווינטער־נאַכט אין נאָנטסטן גרעניץ שטעטל שמוגלען אַ בלעך נאַפּט, אָדער אַ פּוד ברויט. ווייל אָן אַנדער סאָרט מענטש איז דיר א מאַניש פּיעקאַליק, אָדער אַ הויכער דוד און עפּעס אַנדערש איז אויך אַ ר׳ שמואל נירמאַן. אים האָט דער כל יכול באַשערט אַ לייכטערע פּרנסה. מיט השם יתברך׳ס הילף, האָט ער גאָר געקראָגן די רעקוויזיציע פון רויע פעל פון דער גאַנצער געגנט און מיט פרנסה איז ער ב״ה פאַר־זאָרגט. איז ער איצט געזעסן ביים טיש, אַריינגעקוקט אין אַ ספר און געזופּט, מיט בנעימותדיקע געלאַסענע זיפּעלעך, אַ געשמאַק גלאָז געצו־קערטע טיי. און זיינע רעיונות זיינען געוועזן פאַרנומען מיט הויכע גע־דאַנקען ווי אַזוי דער ר. ב. ש. ע. פירט מיט גערעכטיקייט און מיט יושר זיין וועלט.

אַ שטילער סקריפּ פון דער טיר האָט אים אַרויסגעריסן פון זיינע רעיונות, און ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פונם ספר, האָט ער דערזען ביי דער טיר אַ נידעריק געשטאַלט פון אַ יידענע, איינגאַנצן אַ פאַרהילטע אין אַ נאַסער, אָפּגעקראָכענער, פאַטשיילע. א רגע האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און אינסטינקטיוו האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרף הינטערוויילעכטס אויף דעם אָנלען פון דער שטול, אַזוי ווי עס טוען גע־ווינטלעך מענטשן ווען זיי דערזען פאַר זיך אַ פּלוצימדיקע געפאַר. און ווירקלעך, דאָס צעקנייטשטע פאַרהילטע געשטאַלט האָט ווייט, ווייט זיך נישט צוגעפּאַסט אָט־דאָ־אַהער, נישט צו דער וואַרעמער, ליכטיקער שטוב, נישט צו דעם באַלעבאָס, דעם שיינעם הדרת־פּנימדיקן ייד, און אודאי

נישט צו די ליכטיקע געדאַנקען, וועלכע האָבן זיך איצט געשפּינען אין ר' שמואלס קאָפּ.

איידער די יידענע איז אַריינגעקומען, איז נאָך ר' שמואל געוועזן אונטערן אײַנדרוק פֿון אַ וויזיט וואָס ס'האָט היינט אָונט ביי אים אָפּגעשטאַט דער שטאָטישער קאָכלעפל לייבעלע גאָלדבערג. עס איז אים נאָך געשטאַנען פאַר די אויגן ווי אַזוי אָט־דער לייבעלע, אַ קליין יידעלע מיט אַ צוגעשוירן קאַץ בערדעלע און מיט אַ האַרט קאַפּעלושל פאַררוקט ביזן האַלבן קאָפּ — ווי אַזוי דער לייבעלע האָט יעדעס מאָל צוגערוקט זיין בענקל נענטער צו אים און אַריינגערעדט: פאַרשטייט איר מיך, פּאַניע נירמאַן, איר מוזט עס טאָן לטובת הכלל, ווייל וועמען וועלן מיר שיקן אין שטאָטראָט? דער קרייז שעף האָט באַפוילן אויסצוקלייבן זעקס יידן, און מיר מוזן דאָך האָבן ווער עס זאָל אונדז רעפּרעזענטירן, אפשר וועט מען שיקן גדליה יוספן אין שטאָט ראָט אַריין? כאַ־כאַ־כאַ. און ער, ר' שמואל אַליין, איז געזעסן געלאַסן און רואיק, גלייך דער גאַנצער ענין וואָלט אים אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. ווערן אַ ראטמאַן, ווייסעך וואָס, ער איז אַ שוואַכער מענטש און ער האָט נישט קיין כוח. פונדעסטוועגן, זאָגט ער זיך נאָך נישט אָפּ, מ'וועט זען, ער וועט זיך נאָך מישב זיין. נו, אודאי, ס'ברענט נישט חלילה מיט קיין תשובה, האָט לייבעלע פּאָטאַקעוועט און צוגעשאָקלט מיטן קמץ בערדעלע. און ווייסט איר וואָס נאָך, פּאַניע נירמאַן? האָט ער אים אַיינגערוימט אין אויער, אפשר וועט אייער עלטערע טאָכטער קריגן דעם צוקער צו צוטיילן אויף קאַרטן. ווען מען איז אינווייניק, קאָן מען אַלץ מאַכן. אַזוי האָט מען זיך געזעגנט, גאָר נישט אָפּגעשמועסט אויף זיכער, אָבער געוואוסט האָבן ביידע, סיי ר' שמואל און סיי לייבעלע, אַז די זאַך איז אַן אָפּגעמאַכטע, אַז ר' שמואל וועט זיך מישב זיין און מקריב זיין זיין שוואַך געזונט לטובת הכלל און ווערן ראָטמאַן. איז אים איצט געוועזן אַזוי לויטער אויפן געמיט: אַ ראַטמאַן, מער אײַנפלוס, מער קאָנטשאַפט און מער כבוד. און פּלוצלונג עפּעס אַ פרעמדע יידענע געהילט אין שמאַטעס.

נאָר גאָר נישט לאַנג האָט געדויערט ר' שמואל'ס שרעק. תיכף נאָך דער יידענעס אַריינקום, האָט זיך פון דער צווייטער טיר באַוויזן ר' שמואל'ס ווייב, אַ הויכע, דיקלעכע פרוי, מיט אַ פּנים פול מיט זומער־שפּרינקלעך. אַז זי האָט דערזען די פרעמדע ביי דער טיר, האָבן זיך ביי איר די לעדלעך פון די שיקלדיקע אויגן — אויף גיך אויף־און־

צו־געמאַכט און מיט אַ קוויטשענדיק קול האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער פרעמדער: וואָס זענטע פאַרקראָכן אַזש אַהער? און אַ בליק געבנדיג אויפן מאַנס בלייכן פּנים, האָט זי זיך שוין געוואָלט וואַרפן צו דער יידענע אויף אַ געהעריקן אופן. נאָר נישט אומזיסט איז ר' שמואל נירמאַן געווען אַ ייד אַ חכם, און נישט אומזיסט האָט אַ שטאָט מיט מענטשן געהאַלטן, אַז ר' שמואל איז אַ ייד אָן אַ גאַל. האָט ער געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט צום ווייב זי זאָל בלייבן שטיל. במשך די עטלעכע מינוט, האָט ער דער־קאָנט די יידענע; דאָס איז געווען זיינס אַ געוועזענעם אַרבעטאָרערס ווייב.

— וואָס האָט איר געוואָלט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— איר זאָלט מיך ראַטעווען מיט מיינע קינדער, ר' שמואל קרוין, פאַרזעצט דאָס לעצטע קישן און מאָניש מיט זיינע געשוואָלענע פיס האָט זיך דערשלעפּט קיין ריקע אין אַזאַ דרויסן, און אונטער דער שטאָט האָבן די דייטשן ביי אים צוגענומען די בלעך מיט נאַפט און אַ פּאָר פונט ליכט. פריער גאָט און דערנאָך עטץ, ר' שמואל, קאָנט מיך ראַטעווען — האָט זי זיך צעכליפּעט.

איצט האָט ר' שמואל געגנוי און אַקוראַט געוואוסט ווער עס איז אָט די אידענע: מאָניש איז געווען אַמאָל זיינס אַן אַרבעטאָרער. זומער, ווען די שטיינער פון ברוק זיינען נאָך געווען פייכט פון דער נאַכטיקער ראָסע, ווען די הימלען, נאָך טונקעלע, האָבן זיך ערשט גענומען אַרויס־שאַרן פון דער נעפּלדיקער גראָקייט — ווינטער, ווען די נאַכט האָט נאָך געהאַלטן די וועלט ווי פאַרקאָוועט אין טונקל — האָט מען שוין געקאָנט זען מאָנישן לויפן און זיין נידריקער אָנגעגאָסענער קערפּער האָט זיך געוויגט אויף קורצע קלעצלדיקע פיס. ער האָט זיך געאיילט אין בית המדרש אַריין צום ערשטן מנין. ער האָט פאַרדינט אַכטצן גילדן אַ וואָך. צו קיין גאַנצע דריי רובל איז עס קיינמאָל נישט דערגאַנגען. פונדעסט־וועגן האָט זיך מאָניש קיינמאָל נישט געקלאָגט. און שוין גאַנץ לאַנג, מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען הערשל טאָקער דער משומד, דער ראש פון די אחדות לייט, האָט געהייסן שטרייקן, האָט מען מאָנישן מיט געוואַלד גע־מוזט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט, ווייל מאָניש איז דאָך נישט עפּעס אַ לאָבוזל פון דער גאַס, מיט ר' שמואלן איז ער אַפילו איין חסידות אוןביידע דאַוונען אין איין שטיבל. שבת נאָכן דאַוונען גייען זיי אַ שטיקל וועג צוזאַמען, ביז מאָניש פאַרנעמט זיך צום געסל וואו ער וואוינט און

ער זאָגט: אַ גוטן שבת, ר׳ שמואל, אַ גוטן שבת. אַ גוט יאָר מאַניש, ענטפערט ר׳ שמואל.

אַזוי זיינען פאַרלאָפן יאָרן, ביז דער מלחמה. די פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, מאַניש איז געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און קעלט און היינט באַנאַכט איז זיין ווייב געקומען צו ר׳ שמואלן ער זאָל זי ראַטעווען.

ער האָט פאַרקנייטשט דעם הדרת־פּנימדיקן הויכן שטערן און גע־ענטפערט: — גלייבטץ מיר, מאַנישעס ווייב, איך קאָן גאָר נישט נישט אויפטאָן, איך מיש מיך דען? איך האָב דען קאַנטשאַפּט? — האָט ער גע־רעדט מיט אַ דין קול, אַזאַ ווייכס ווי איינגעוויקלט אין וואַטע. און אַז די אידענע האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו קלאָגן, האָט ער אַרויסגע־נומען פינף מאַרק, זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש און געוואַרט זי זאָל אַוועק־גיין.

— און אפשר, טאַטע, וואָלסטו איר געקאָנט טאָקע אויסבאָרגן אויף אַ גאַנצער בלעך? — האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ ייִנגעלש דין קול. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט, דאָס איז געווען יאָסקע, ר׳ שמואלס ייִנגסטער זון, וועלכער האָט זיך אומבאַמערקטערהייט אַריינגעשאַרט אין צימער און בייגעוואוינט די גאַנצע סצענע.

יאָסקע איז אַ ייִנגל פון אַ יאָר דרייצן, און מען קען זאָגן, אַז ער איז דער איינציקער מוטנער טראָפּן וואָס צעמישט דעם לויטערן בעכער פון ר׳ שמואלס שלוה. שוין מיטן אויסזען איז ער גאָר נישט ענלעך צו זיין משפחה. אויף זיין פּנים איז נישט פאַראַן קיין סימן פון דער וואַטע־ווייכקייט, וואָס צעלייגט זיך אַזוי מיוחסדיק אויף די פּנימער פון דער רעשט משפחה זיינער. ער איז נישט קיין הויך ייִנגל, מיט ברייטע פּליי־צעס, אַ טונקל פּנים, פון וועלכן עס שפּריצט אַרויס גבורה, עפּעס גאָר נישט ענלעך צו די אויסגעכאַלעטע פּנימער פון זיין משפחה. אַ קאָפּ שוואַרצע האָר צעוואָרפן אין אַן איינגעשפּאַרטער אָרדענונגסלאָזיגקייט און צוויי שוואַרצע פינקלענדיקע אויגן וואָס צינדן זיך מיט אַ בלישטשענדיק פייערל, און אַמאָל גאָר ווערן זיי פאַרצויגן מיט אַ לייכטן נעפּל און דער־ציילן וועגן חלומות פון אַנדערע וויטע, שענערע און בעסערע וועלטן. פון אָט דעם מוזינעק האָט ר׳ שמואל קיין נחת נישט געהאַט, און אַז דער טאַטע האָט אים איינמאָל געטראָפן אין דער פאַבריק אַ שטאַרק פאַרסאָ־פּעטן שלעפּן דעם גרויסן מעשענעם ראָל, וועלכן עס שלעפּן געוויינטלעך צוויי אַרבעטאָרערס אויסצוגלעטן די לעדערס — האָט ער דערנאָך פאַר־

טרויט דעם ווייב זיינעם: דו ווייסט, נחמה, איך האָב עגמת־נפש פון יאסקען, עפּעס ציט אים ערגעץ אַנדערש, גלייך ער וואָלט גאָר נישט גע־ווען פון אונדזער שורש.

און ווירקלעך, האָט עס יאסקן פון שטענדיק אָן געצויגן צו אַן אַנ־דער וועלט, ווי די, אין וועלכער ער האָט געלעבט. פון דער פריסטער יוגנט אָן האָט ער אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם צער און ווייטיק פון יעדן לע־בעדיקן באַשעפעניש, וואָס ער האָט געזען ליידנדיק. ער האָט נישט גע־קאָנט גלייכגילטיק פאַרבייגיין אַ צוגעבונדענעם הונט. דאָס וואָיען האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין גאַנץ וועזן און דורכגעזאַפּט מיט צער זיין האַרץ. איינמאָל אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, אַרום פיר אַזייגער פאַרטאָג, האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעוועקט פון אַ ווייטיקלעך פּישטשען וואָס האָט זיך געהערט פון אונטער דער טיר. ער האָט מיט געשפּאַנטקייט אָנגע־שטרענגט דאָס געהער און פאַרנומען דאָס פּישטשען פון אַ יונג הינטל. אַ ווײַלע פלעגט ווערן שטיל און באַלד האָט זיך ווידער געהערט אַזאַ שטיל הייזעריקלעך און כסדרדיק וויינען. אינאָנהויב מיט הפסקות און דערנאָך אַלץ גיכער און איינאָטעמדיקער. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, דאָס וואָיען האָט אים געשניטן יעדן אבר, זיך אײַנגעפרעסן אין זיין גאַנץ וועזן. ער איז דאַמאָלס אַלט געווען צען יאָר. אַ קינדערשע שרעק האָט אים דורכגענומען: ווער ווייסט צי עס איז גאָר אַ הינטל, אברהם דעם קאַשע מאַכערס דערציילט נישט איינמאָל ווי אַזוי לצים פאַר־שטעלן זיך און פאַרנאַרן מענטשן. דאָס פּישטשענדיקע געוויין האָט זיך שוין איצט געהערט כסדר און אָן איבעררייס. ציטערנדיק פון שרעק איז ער אַראָפּ פון בעט, שטיל געעפנט די טיר, און אין שטוב איז אַריין אַ קליין ווייס הינטעלע ציטערנדיק אינגאַנצן פון קעלט. און איצט, הערנדיק דער יידענעס געבעט ר׳ שמואל זאָל זי ראַטעווען, און זעענדיק דעם טאַטנס נדבה, האָט ער זיך פון דער העלער הויט אַריינגעמישט: אפשר וואָלט טאַקע געווען אַ יושר ער זאָל איר געבן אויף אַ גאַנצער בלעך נאַפט. אַ רגע איז ר׳ שמואל געבליבן ווי פאַרשעמט, נאָר באַלד האָט ער אָנגענו־מען אַ שטרענגע מינע און אַ זאָג געגעבן: ביזט אַ יינגל, מיש דיך נישט ווען מ׳פרעגט נישט ביי דיר.

## קאַפּיטל 2.

נאָכדעם ווי יאסקע האָט אַזוי נישט־מיר און נישט־דיר אַריינגע־וואָרפן די אומגעלומפּערטע ווערטער זיינע, איז ער אַליין געבליבן ווי צומישט און פאַרשעמט, ווייל אינאמתן: נאָך וואָס און נאָך ווען האָט ער זיך באַדאַרפן אַריינמישן? אַסך מאָל פאַרגנבעט זיך אין זיין קינדעריש האַרץ און מוח אַ צווייפל אין דער גוטסקייט פון זיין טאַטן. פון ווען די גאַנצע שטאָט האָט אַזאַ געהויבענע מיינונג. אין די לעצטע שווערע צייטן קומען אָפטמאָל צו ר׳ שמואלן מענטשן בעטן אַ טובה, אַן עצה, אָדער סתם אַזוי זיך אָפּרעדן פון האַרץ, און פון דעם פּאָטערס קרעכצן, וואָס באַדויערן דעם מיטשמועסער, טראָגט דאָס ייִנגל אַסך מאָל אַרויס דעם אײַנדרוק, אַז דאָס זיינען די אייגענע קרעכצעלעך, וועלכע דער טאַטע קרעכצט אויס, ווען ער איז טועם פון די פּשיסמאַטשקעס וואָס די מאַמע גרייט אים צו צוליב דעם שוואַכן געזונט זיינעם. און צוליב וואָס האָט ער איצט זיך געדאַרפט אַזוי אומגעלומפּערט אַריינמישן? אַז אויפטאָן וועט ער סיי ווי סיי גאָר נישט, און ערגערן דעם טאַטן זיינעם, האָט ער איצט אויך נישט געהאַט בדעה.

איז אַזוי ווי די ייִדענע איז אַוועקגעגאַנגען, און דער פּאָטער האָט זיך צוריקגענומען צום ספר, האָט ער שטיל געעפנט די טיר, און נישט באַמערקט פון קיינעם, האָט ער זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון שטוב און איז אַרויס אין דרויסן.

אַ געדיכטע פינצטערניש האָט אים געגעבן אַ נעם אַרום, אים אינ־גאַנצן אַיינגעזאַפּט אין זיך פּונקט ווי אַ שוואָם, וואָס זאַפּט אין זיך איין אַ קראָפּלע וואַסער. פונדערווייטנס האָבן אומהיימלעך גערוישט די ביימער פון בית עולם און פון ערגעץ ווייט האָט זיך געהערט אַ יאָמערלעך וואָ־

יען פון אַ הונט, וואָס האָט זיך אַיינגעשניטן אין דער אַרומיקער שטילקייט און פינצטערניש ווי מיט דער שאַרפקייט פון אַ מעסער. אַ רגע איז ער געבליבן שטיין: וואוהין האָט ער איצט צו גיין? נאָר באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אין עפּעס און אָנגעהויבן ווייטער גיין. אין דער פינצטערניש און אין דער שטילקייט האָט אָפּגעהילכט דאָס טאָפּטשען פון זיינע טריט אין די קאַלוזשעס. אָט איז ער שוין ביים ראָג, וואו עס קרייציקן זיך די גאַסן. אָט איז ער שוין לעבן ברונעם, כאָטש ער קאָן אים איצט נישט זען, אָבער ער פילט אַז דאָ דאַרף ער זיך געפינען. ער לויפט וואָס אַמאָל האַ־סטיקער אין שרעק טאָמער שלאָפט מען שוין דאָרט. אָט שטייט ער שוין פאַר דעם הויז מיט די דריי טרעפּלעך, וואו עס וואוינט זיין חבר שלום. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ שפּרייזט ער מיט איין מאָל איבער אַלע דריי טרעפּלעך. ער גיט אַ פּרואוו די טיר, דאַנקען גאָט, מען שלאָפט נאָך נישט. ער קומט צום ערשט אַריין אין אַ קאַלטער און פינצטערער קיך, וואָס מען נוצט היינט נישט צוליבן יקרות פון האָלץ און באַלייכטונג. פון דער צווייטער שטוב הערט זיך: ווער איז? נאָר איידער עס עפנט ווער די טיר צו זען ווער עס איז אַריינגעקומען, איז שוין יאסקע דאָ אין שטוב. אַ קליין לעמפּל באַלייכט מיט אַ קאָרגער שיין אַ פיר קאַנטיקע שטוב מיט צוויי פענצטער. אין דער לענג איינס נאָכן אַנדערן שטייען צוויי בעטן, אָנטקעגנאיבער אויף דער וואַנט הענגט אַ ווישאדלע באַשטעקט מיט טע־לערס, אינמיטן שטייט אַ לאַנגער אויף רויט געפאַרבטער טיש, עטלעכע בענקלעך זיינען צעוואָרפן איבער דער שטוב, אין ווינקל צעווישן דער טיר און דער וואַנט צו רעכטס, שטייט אַ פּיעציק אויפגעמויערט אויף אַ קעסטל פון וואַנען עס ציען זיך רערן איבער דער גאַנצער שטוב. אַזוי ווי יאסקע האָט נאָר געעפנט די טיר, האָט שלומס מאַמע אויפגעהויבן די באַברילטע אויגן פון עפּעס אַ פאָר שמות, אין וועלכע זי האָט געלייענט און אַ זאָג געטאָן: זע נאָר, אַ גאַסט יאסקע, גיי צו צים פּיעציק יאסקעשי קרוין, וועסטו זיך אָנוואַרעמען. נאָר עס איז זיך גרינג געווען אָפּצורעדן: גיי צו צום פּיעציק. אַז אָט דער פּיעציק איז איצט באַזעצט געווען, פונקט ווי אַ שטיקל צוקער מיט פליגן אין אַ הייסן זומער טאָג. אויפן פּיעציק זיינען איצט געזעסן: יאסקעס חבר שלום, אַ יינגל מיט אַ יאָר עלטער פון יאסקען, מיט אַ העלן קאָפּ האָר און טיף בלויע אויגן, לעבן אים זיין יינ־געריע שוועסטער ווי צוויי קראַפּלס וואַסער ענלעך צום ברודער, אַ יינגער ברודערל מיט אַן אויסגעווייקט פּנימל און שפּיציקע פּיאַהלעך האָט זיך

געשאַרט דאַלעבן, און דאָס ייִנגסטע ברודערל האָט געשלעפּט ביי אַ פּוס אַ צווייט שוועסטערל. וועלכע איז אויך געזעסן אויפן פּיעציק.

דערזעענדיק יאסקען, האָט שלום אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון אַ ביכל און אים צוגערופן צו זיך. און אײדער יאסקע האָט נאָך באַוויזן צוצוגיין, האָט שלום אַ כאַפּ געטאָן ביידע שוועסטער פאַר די אַקסלען און אַ שיט אַראָפּ זיי געטאָן פון פּיעציק. יענע האָבן געמאַכט אַ געוואַלד. די מאַמע האָט אָנגעהייבן שרייען: שלומל קעלבאָס, אַ קלאָג זאָל דיך כאַפּן, וואָס ווילסטו פון מיינע יאָרן? נאָר דאָס ייִנגל האָט זיך אַזוי האַרציק צעלאַכט פון די שוועסטערס און מאַמעס געוואַלטן, אַז אין אַ מינוט אַרום האָבן אַלע מיטגעלאַכט, גלייך עס וואָלט גאָרנישט געשען.

פול מיט רייַך איז געווען פאַר יאסקען שלומס היים. פאַר דער מלחמה זיינען די גינזבורגס געווען פון די שענסטע באַלעבאַטים אין שטאָט. דער אַלטער דודל משה אַרעלעס איז געווען אַ קליין יידעלע מיט אַ שפּיציק גראָ בערדעלע. פון זיינע בלויע און לויטערע אויגן האָט געקוואָלן און גע־פלאָסן גוטסקייט און תמימות אָן אַ מאָס. כל ימיו איז ער געווען קאַסי־רער אין די וועלדער ביי די באַרימטע אין פּוילן, קירשנבערגס. די הע־קערס, פורמאַנעס און אַנדערע וואַלד אַרבעטאָרערס, האָבן זיך מיט קיי־נעם ניט געוואָלט רעכענען, נאָר מיטן אַלטן דאַווידקאָ, ווי זיי האָבן אים מיט ליבשאַפט גערופן. זיי האָבן געוואוסט און זיינען געווען זיכער, אַז ער וועט זיי נישט אָפּנאַרן אַפילו מיט קיין האַלבער פּרוטה. ער האָט קיינמאָל נישט גענומען ביי זיינע באַלעבאַטים קיין באַשטימטע פּענסיע, און פאַרנוצט אַזוי פיל געלט וויפל ער האָט באַדאַרפט, און ווען ער איז געשטאָרבן, איז ביי אים גאָרנישט געבליבן אויסער דאָס הויז, אין וועלכן ער האָט געוואוינט. זיין איידעם, יצחק גינזבורג, שלומס טאַטע, איז גע־ווען אַ הויכער ייד מיט צוואַקסענע פּלייצעס, אַ ברייט צעקעמטע זיי־דענע בלאָנדע באָרד האָט אַרומגענומען זיין פול און מיט בלוט־שפּריצנ־דיק פּנים. אויך ער איז אייביקע יאָרן געווען אָנגעשטעלט אין די וועל־דער, און אַ היים פלעגט ער קומען בלויז אויף פסח און אויף סכות. די דראָזשקע, וואָס האָט אים געפירט פון דער באַן־סטאַנציע, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי דער ברוק, וואו געווינטלעך אַלע פּאַסאַזשירן זיינען אַראָפּגעגאַנגען, — ניין, מיט ר' יצחקן איז די דראָזשקע צוגעפאָרן ביז דער סאַמע טיר פון זיין שטוב, מעשה פּריץ. און וואָס עס האָט זיך אָפּ־געטאָן ווען ער איז אַהיימגעקומען. אַלע אין שטוב זיינען אַרומגעגאַנגען

מיט שטילע טריט ווי אונטערגעבעטע מיט וואַטע, אײַנגעקאָרטשעט, זיך געשאַרט אין אַ זײַט מען זאָל זיי וואָס ווינציקער אַרויסזען און געצי־טערט פאַר זיין בליק. דערפאַר האָבן די קינדער אָפּגעגומען מיט פּראָצענט אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, ווען דער טאַטע איז נישט געווען אין דער היים.

שלומס מאַמע ווידער איז, להיפּוך איר מאַן, געווען אַ גוטמוטיקע יידענע, ביי וועמען קיין שלעכטע שטימונג האָט לאַנג נישט געקאָנט אָנ־האַלטן. ווען שלום, למשל, איז איר שוין אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, אַז עס איז שוין ממש נישט געווען צום איבערטראָגן, ווייל אָט האָט זיך אים געקאָנט פאַרגלוסטן אין אַ שיינעם העלן טאָג איבערצודרייען דעם טיש מיט די פיס אַרויף, אָדער ער האָט גאָר פאַרמאַכט די לאָדנס, דעמאָלס האָט זיך די מאַמע געשוואוירן מיט כל׳ערליי שבועות, אַז דאָס מאָל וועט זי אַלץ דערציילן דעם טאַטן. נאָר אַז עס איז געקומען דערצו, און דער טאַטע האָט זיך געפרעגט: נו, זיי האָבן עפּעס שטאַרק אַרומגעלאָ־בוזעוועט? האָט זי געענטפערט: חלילה, און דאביי זיך געביסן די ליפּן, כדי נישט אַרויסצופּלאַצן מיט אַ געלעכטער, דערמאָנענדיק זיך אין די אַלע שמד־שטיק פון אַ גאַנץ יאָר.

היינט איז שלומס טאַטע געבליבן שטעקן ערגעץ אין רוסלאַנד און די משפחה איז געבליבן כמעט אינגאַנצן אָן מיטלען. און אָט קאָן מען זען שלומס מאַמען אַ פאַרדאגהטע און פאַרכמורעטע, עס פעלט איר נאָך צו אַ פּאָר גראָשן צו דערקאָנטשען דאָס מיטאָג. זי איז דעמאָלס אַזאַ אומ־גליקלעכע און זי פאַרשעלט זיך די יאָרן. מיט צען מינוט שפּעטער, זי האָט שוין געקראָגן ערגעץ די פּאָר גראָשן, און שוין איז זי צוריק אַן אויסגעלייטערטע, און זי קאָן זיך שוין צולאַכן מיט אַזאַ האַרציקייט אי־בער דער מינדסטער קלייניקייט.

יאסקע האָט ליב אָט די שטוב מיט איר שטענדיקן לעבעדיקן גערויש. עס איז אים ליב אַפילו דאָס קריגן זיך פון דאָרט. עפּעס לעבט מען דאָרט אַ פולער און בלוטיקער לעבן ווי ביי זיי אינדערהיים. דאָ האָט מען זיך ליב, דאָ לאַכט מען און דאָ קריגט מען זיך מיט האַרץ. דאָ דערלאַנגט שלום אַ כמאָל אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער און זיי האָבן זיך טויזנט מאָל ליבער ווי ביי זיי אינדערהיים, וואו אַלץ איז ווייך און צוקערדיק־זיס ביז צו חלשות.

מיט שלומען איז יאסקע שוין פון לאַנג חברים. זיי לייענען צוזאַמען מעשה־ביכלעך, גייען שפּאַצירן און גנב'ענען זיך צוזאַמען אַוועק צום טייך באָדן. אַסך מאָל ווילט זיך שטאַרק יאסקען דערציילן שלומען אַלץ וואָס אים דריקט, נאָר עפּעס אַזאַ סאָרט חרפּה האַלט אים אָפּ און ער ווייסט ניט ווי אַזוי אָנצעהייבן. טיף אין האַרצן וואַרעמט ער אַ גרויסן סוד: ער וועט אַמאָל מיט שלומען כורת ברית זיין, פּונקט אַזוי ווי דוד מיט יהונתן. נאָר דאָרט האָט מען צושניטן אַ שעפּס און ביידע זיינען חברים דורכגעגאַנגען צווישן; זיי, פאַרשטייט זיך, וועלן אַזעלכעס נישט טאָן. עס וועט סתם זיין עפּעס אַ פייערלעכע און דערהויבענע מינוט. קייך שום געניעס און ממשותדיקס קאָן זיך יאסקע נישט פאָרשטעלן, בלויז מטושטושדיקע בילדער שוועבן פאַרביי זיינע אויגן: אָט גייט ער מיט שלומען צו דער לאָנקע. עס איז אַ באַגינען, די זון איז נאָר וואָס אפער פון אונטער די קלויסטער שפּיצן, די הימלען קאָרטשען זיך נאָך אין אַזעלכע ווייכע און זיידענע קנייטשעלעך, וואָס פאַלדעווען זיך און וויקלען זיך איינס אינם צווייטן. דאָס גראָז אויף דער לאָנקע איז נאָך פייכט פון דער פרימאָרגן ראָסע, זיי גייען ביידע צו צום טייכל, וועמענס שטאָלענע וואַסערן שפּיגלען זיך אַנטקעגן דער יינגער נאָר וואָס געבוירענער זון. ערשט דעמאָלס וועט ער אַ זאָג טאָן שלומען: ווילסט כורת ברית זיין? יאָ.

פול מיט רייץ איז געווען פאַר יאסקען יעדע שעה וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט זיין חבר שלום. ער וואָלט נאָך געוועזן געזעסן ביז שפּעט, נאָר פּלוצלונג האָט דאָס לעמפּל גענומען צאַנקען, אין שטוב איז נישט געווען קיין נאַפט, און יאסקע האָט געמוזט אַהיימגיין.

## קאַפּיטל 3.

ווען יאַסקע איז צוגעקומען צו זייער שטוב, האָט אַ שטילקייט און פינצטערניש וואָס האָט געוויעט פון די פּעסט־פאַרמאַכטע לאָדנס פון אונטערשטן שטאָק, עדות געזאָגט, אַז אינווייניק שלאָפט מען שוין פון אַ גוטער שעה. בלויז די פענצטער פון גאָרן, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַריין, זיינען געווען העל באַלויכטן. און אויסגעזען האָט דאָס הויז, פּונקט ווי אַ האַלב־פּאַראַליזירטער מענטש, ביי וועמען דער אונטערשטער האַלבער קערפּער איז אָפּגעשטאָרבן און עס לעבט בלויז דער קאָפּ.

אַ קוויטשנדיק פרויען געלעכטער, באַגלייט פון אַ הילכיק באַסאָווער מענער שטימע, האָט דורכגעשניטן די שטילקייט פון דער נאַכט. אַ מינוט איז יאַסקע געבליבן שטיין אייַנהערנדיק זיך. ער האָט געוואוסט ווער עס געפינט זיך איצט אין דער שפּעטער נאַכט־שעה אונטער די העל באַלויכטענע פענצטער. ער האָט גוט געקאָנט דאָס קוויטשנדיקע געצוואונגענע געלעכטער פון זיין עלצטער שוועסטער.

אויפן גאָרן האָט געוואוינט ר׳ שמואלס עלטסטע טאָכטער פון זיין ערשטער ווייב סימע, אָדער ווי די דייטשן האָבן זי היינט גערופן: מאַדאַם סאבינא. סימע־סאבינא איז אַ ווייבל פון אַ יאָר אַכט און דרייסיק, אַ הויכע און צעוואַקסענע. פון איר אויסערלעכקייט וואַרפן זיך אין די אויגן דריי זאַכן: קודם כל אַ ריזיקער בוזעם, וואָס זעט אויס ווי צוויי בערג וואָס מען האָט אַרויסגעריסן פון זייערע ערטער און זיי אַנידערגעשטעלט מיט די שפּיצן נישט אַרויף צום הימל, נאָר גאָר אין אַ האָריזאָנטאַלער ליניע, דערנאָך קומען צוויי גרויסע אויפגעריסענע אויגן, וואָס קוקן מיט פאַר־ריסנקייט אויף אַלץ און אַלעס, און צום סאַמע סוף וואַרפט זיך אין די אויגן אַ גרויסע פליישיקע נאָז, וואָס הייבט זיך אויף און וואַקסט אַרויס ווי אַ באַרג פון אַ געכאָלעט רויט פּנים.

סאבינעס מאַן פּיוועלע איז אַ יונגערמאַנטשיקל, אַ נידריקס, אַ דיקס מיט אַ שיטער געל בערדעלע און אַ פּאָר צעשראָקענע אייגעלעך וואָס קוקן אפּער פון ברילן. אַמאָל האָט פּיוועלע געהאַנדלט מיט גארבארסקע צודאטן, און היינט? נו, היינט האַנדלט ער מיט אַלץ וואָס די דייטשן ראַ־בעווען צו ביי יידן. ווי אַזוי איז ער דערגאַנגען צו אָט דער מדרגה? גאַנץ פּשוט: ביי זיין שווער אין הויז האָט געוואוינט אַ דייטשעשער אָפיצער. ווען הער בלאך, אַ עטלעכע פערציק יעריקער הויכער דיקער דייטש, מיט צוויי גראָבע וואָנסעס, פון צעווישן וועלכע עס האָבן זיך געררויטלט פליי־שיקע ליפּן — האָט דערבליקט מיסעס בוזעם, זיינען אים אַזש די אויגן איבערגעגאַנגען, און אַראָפּשלינגנדיק דאָס שפּייעכץ וואָס איז אים גע־קומען אויף דער שפּיץ צונג, האָט ער מיט צופרידנקייט געמורמעלט: דאָס איז אַ „פּראַו", און דערבאַך איז אַלץ אַוועק גלאַטיק, און אין אָרדנונג. בלאך איז געווען אַ געזונטער מאַנספּאַרשוין און סאבינע — אַ הויכע, דיקע פּרוי מיט אַ גרויסן בוזעם, און די טעג האָבן זיך געגליטשט מיט דער גלאַטקייט פון אַ געקאָוועטן שליטן אויף אַן אויסגעטראָטענעם שליט־וועג. און אַ חוץ אַלעם איז בלאך געווען דער קאָמענדאַנט פון שטעטל, און מאַדאַם סאַבינע איז אַרומגעשוואומען אין שפע און פּאַר אירע דריי קינ־דער האָט, חלילה, נישט אויסגעפעלט קיין צוקער, מילך און אַ שטיקל טשאָקאָלאַדע אין אַזאַ שווערער צייט.

יאָסקע האָט דאָס אַלץ, אויב נישט אינגאַנצן באַנומען, זיכער ז'ער־פילט, אַז עפּעס ליגט דארין. און איינמאָל, ווען ער איז אומגע־ריכט אַריינגעקומען צו זיין שוועסטער און זי געטראָפן מיט בלאכן אויף דער קאַנאַפּע, און די האָר זיינען ביי איר געווען צעשויבערט און דאָס פּנים שטאַרק צעהיצט, האָט דער אָפיצער מיט געבייזער אים געפרעגט וואָס ער דאַרף דאָ. און ער האָט זיך שוין אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז עפּעס געשעט דאָ צעווישן דעם דייטש מיט זיין שוועסטער. ער האָט מיט ווייטיק אַלץ בעהאַלטן אין זיך.

איינמאָל האָט זיך פּאַרלאָפן אַ זאַך, ווען יאסקע האָט שוין געהאַט אויף דער שפּיץ צונג אַלץ אויסצעפּויקן. עס איז געווען אָט וואָס: איינ־מאָל קומט זיין מאַמע פון גאַס און דערציילט אַזאַ מעשה, אַז מאָטעלע טרעגערס, זייער שכנס טאָכטער, אַ יונגע אלמנה, האָט זיך אַרויפגענו־מען אין שטוב אַריין אַ דייטש, וועלכער עסט און שלאָפט דאָרט און ברייגגט אַריין פון כל־טוב. וואָס אַ פּאַסקודסטווע קאָן, צו איר קאָפּ און

צו איר לייב און לעבן, האָט זי מיט אַ מינע פון עקל אויסגעשפּיגן. און דיין סימע איז בעסער? איז אים געלעגן אויף דער שפּיץ צונג. איצט, הערנדיק דאָס קוויטשנדיקע געלעכטער, האָט ער זיך פאַרשעמט. ס'האָט געגעבן אַ שווים אַרויס פאַר די אויגן דאָס איינגעקאָרטשעטע געשטאַלט פון מאַנישעס ווייב, וועלכע איז היינט געקומען וויינען פאַר זיין טאַטן ער זאָל זי ראַטעווען. און ביי זיין חבר שלום אין שטוב איז בעסער? האָט ער זיי נישט איבערגעלאָזט אין דער פינצטער, ווייל עס איז זיכער נישט געווען פאַר וואָס צו קויפן אַביסל נאַפט? און וויפל נאָך זיינען פאַראַן אין שטאָט שטובן וואו מען ווערט געשוואָלן פון הונגער און קעלט ? יאָ, ער קאָן און ווייסט פון אַסך אַזעלכע היימען. איז אים פּלוצלונג געוואָרן אַזוי ענג און אויפן ייִנגלשן האַרץ האָט זיך געלייגט אַזאַ שווערע משא און אַ האַרבע שאלה האָט געמאַטערט: פאַרוואָס ? פאַרוואָס?...

אין שטוב איז שוין אַלץ געשלאָפן. אין קיך האָט זיך נאָך אַרומגע־פּאָרעט ביילע די קעכין. ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט זי אַ וואָרטשע געגעבן: וואו שלעפּסט דו דיך אַרום ביז האַלבע נאַכט? האָט ער גאָר נישט געענטפערט און פּלוצלונג איז געשען אַ מאָדנע זאַך, פון וועלכער, ווען יאָסקע האָט זיך שפּעטער דערמאָנט, האָט ער זיך געגרויזלט פון בושה פון זיין אייגענער שוואַכקייט. נאָר כדי אַלץ זאָל זיין קלאָר, וועט נישט שאַדטן צו דערציילן עטוואָס באַריכות וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש עס איז געווען ביילע די קעכין, און ווי יאָסקע האָט זיך מיט איר איינגעלעבט.

ביילע איז אַ פּרוי פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, מיט אַ שוואַרץ געשטופּלט פּנים. שוואַרצע פּאַסמעס האָר פלעגן זיך אפּערשאַרן פון אונטער דער פאַטשיילע מיט וועלכער איר קאָפּ איז שטענדיק געווען פאַרבונדן. אייגענטלעך ווייסט קיינער נישט צי ביילע האָט אַמאָל געהאַט אַ מאַן. מען קאָן ביי איר דאָס נישט דערגיין. בייזע צינגער זאָגן, אַז אינ־אמתן האָט זי קיינמאָל קיין מאַן נישט געהאַט, און אַז דאָס פאַטשיילעכל אויפן קאָפּ טראָגט זי סתם כדי מען זאָל מיינען אַז זי איז אַ ווייבל. זי שטאַמט פון אַ שכנותדיק שטעטל און ביי ר' שמואלן אין הויז איז זי זייט יאָסקע געדענקט. זי איז אַזוי אַריינגעוואַקסן אין דער קיך און פאַר־נעמט דאָרט אַזאַ אָרט, פּונקט ווי דער ווייס געפּאַרבטער קרעדענץ מיט די צוויי פויגל געזימסלעך, פּונקט ווי דער פאַס מיט וואַסער מיטן וואַש־טישל, וועלכע האָבן זייער שטענדיק אָרט רעכטס ביי דער טיר. יאסקע האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן זייער קיך אָן ביילען. אַ לעבן

לאַנג שטייט זי ביי דער קיך מיט אַ צעפלאַמט פּנים, אָדער זי קאָכט, אָדער זי וואַשט וועש, אָדער זי שייערט די פּאָדלאָגעס און זי שטופּט יעדעס מאָל אַרונטער די שוואַרצע פּאַסמעס האָר וואָס שאַרן זיך אַפּער פון אונ־טער דעם פאַטשיילכל.

נחמהלע מיט ביידע טעכטערלעך ווייסן אַזוי פיל צו דערציילן פון ביילעס טפשות און אַז זי טויג צו גאָרנישט, אַז זי קען רעכט נישט צו־רוימען די שטוב. זי וואָלט איר שוין פון לאַנג אָפּגעזאָגט, ווען נישט איר מאַן, וועלכער האָט אַ ווייך האַרץ און דערלאָזט זי נישט אַרויסוואַרפן. אין אמתן אָבער איז ביילע אַן אומזיסט איינל. אויף אַן אַנדערע שטעלע וואָלט זי אפשר פיל מער פאַרדינט. נאָר אפשר זיצט זי דאָ דערפאַר ווייל זי אַליין קאָן זיך שוין נישט פאָרשטעלן איר לעבן ערגעץ אַנדערש נישט אין שכנות מיטן ווייסן קרעדענץ און מיטן היימישן פּאַס וואַסער אין וואַש טיש? שטייט זי אַ צעפלאַמטע ביי דער קיך, וואַשט זי וועש, שייערט זי פּאָדלאָגעס און איז אַ שעיר לעזאזל פאַר אַלע פון דעם גבירשן הויז־געזונט.

אָבער אַ חוץ אַלעמען פאַרמאָגט נאָך ביילע אַ טרוים, וועלכן זי וואַ־רעמט אינדערשטיל טיף, טיף פאַרשטעקט אין האַרץ, און וועלכער גיט איר כוח צו טראָגן דעם טאָג־טעגלעכן עול...

פון די היימלאָזע, וועלכע זיינען אָנגעפאָרן אין שטעטל אַריין אינ־אָנהייב מלחמה, און וועלכע זיינען שוין היינט כמעט אַלע צוריק אין זייערע היימען, איז אין שטאָט געבליבן שוין אויף שטענדיק מאירל גע־ניוועשאווער. מאירל איז אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, העכער פון מיטעלן וואוקס, אַ ברייט פּנים וואָס איז אַרומגענומען מיט אַ ברייטער און גע־דיכטער געלער באָרד, אַ פליישיקע באַרגיקע נאָז הייבט זיך איבער די וואָנסעס און צוויי גרויסע אויגן וואָס קוקן אַפּער פון אונטער געדיכטע ברעמען, אָנגעטאָן איז ער שטענדיק, אפשר אין אַ טוץ לעטניקעס, איי־נער קירצער פון צווייטן. פונדערווייטנס זעט עס אויס ווי די פאַלבאַנעס פון אַ ווייבערשער ספּאָדניצע. ווינטער קומט נאָך צו אַ גראָבער פאַלטאָן אין וועלכן עס פעלן קנעפּלעך. די אונטערשטע טיילן פּיס, אָנהייבנדיק פון די קנעכלעך, זיינען ביי אים קראַנקע אָדער גאָר צוגעזעצטע, ווייל ווען ער גייט, הוידעט זיך זיך גאַנצער ברייטער, אין אַ טוץ לעטניקעס אָנגע־טאָנענער, קערפּער — אינדערברייט אַהין און צוריק. מיט איין האַנט האַלט ער שטענדיק צו דעם אָנקנעפּלדיקן און אָפענעם פאַלטאָן, און וויגנדיק

זיך אַזוי אויף די צוגעזעצטע שטיקלעך פּיס, שיקט ער דעם גאַנצן קער־פּער פאָרויס, פּונקט ווי אַ פערד אַן איינגעשפּאַנטס וואָס בייגט דעם קאָפּ צו דער ערד און שלעפּט אַ שווערן וואָגן מיט משא.

אייגנטלעך דאַרף מאירל געניוועשאווער אינגאַנצן נישט קיין פּרנסה, ווייל עסן עסט ער טעג און שלאָפט אין שטיבל, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער נאָך אַ זייטיקע הכנסה: ער לערנט מיט קליינע קינדער. אָט מיט דעם ייִד האָבן געהאַט צו טאָן ביילעס שטילע און געהיימע טרוימען.

מאירל האָט אויך געגעסן אַ טאָג ביי ר' שמואלן. מיט אונגעדולד פלעגט ביילע וואַרטן אויף דעם מיטוואָכדיקן טאָג. מאירל איז בטבע געווען אַ ייִד אַ פּלאַפּלער וואָס האָט געקאָנט אָפּשטיין שעהן לאַנג און שמועסן, און אַממערסטן מיט ווייבער. זיי האָט ער געהאַט צו דערציילן פון זיינע צוויי געשטאָרבענע ווייבער זאָלן זיך מיען און זיין אַ מליץ יושר — פון זיין איינציקן זון, וועלכן ער האָט חתונה געמאַכט מיט זעקס יאָר צוריק, און וועמען דער שווער, דער אָשוסט, דער משומד און עוכר ישראל האָט אָפּגענאַרט און נישט אויסגעצאָלט דעם נדן. ער האָט אויך געהאַט צו דערציילן פון שוחטס טאָכטער, וועלכע איז אים שולדיק גע־בליבן אפשר גאַנצע זעכציק פעניק. באשר איר זיבן יעריקער גוי וויל נישט לערנען, ווייל זי דעריבער נישט באַצאָלן פאַר אַ גאַנצער וואָך שכר־לימוד. אַזאַ גויה, אַזאַ אָשוסט פלעגט ער רעדן מיט אַ קול וואָס האָט גע־קלאַפּט פּונקט ווי מיט אַ הילצערנעם האַמער אין אַ בלעך אַריין.

מיטוואָך פלעגט מאירל שעהן לאַנג אָפּזיצן אין קיך און זיך פאַר־טרויען פאַר ביילען, אַז עס איז אים נישט גוט איינער אַליין אויף דער וועלט. ער האָט נישט וווער עס זאָל אים אויסוואַשן און פאַריכטן אַ העמד און אַז אייגנטלעך וואָלט ער בעדאַרפט חתונה האָבן. קיין גרויסע זאַכן דערצו דאַרף מען דאָך נישט. מען קויפט עטלעכע גענדז איבערן ווינ־טער, און פון די פעדערן איז דאָ בעטגעוואַנט און די רעשט זאַכן: אַ טישל, אַ בענקל און אַ בעט וואָלט שוין אויך ווי עס איז געווען. און וואָס פאַר אַ לעבן אומשטיינס געזאָגט איז אירס, ער מיינט טאַקע ביילעס, שטענדיק אין אַ פרעמדער קיך. אודאי, אודאי פלעגט זיין דיבור קלאַפּן, אודאי זוכט ער נישט קיין מיידעלע, נאָר אַ סטאַטעטשנע יידענע, א בריה.

ביילעס בריסטן פלעגן דעמאָלס אָטעמען און האָסטיקער זיך באַ־וועגן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט שנעלקייט און דאָס בלוט איז ראַ־שיקער געפלאָסן אין די אָדערן. און נישט איינמאָל, ביינאַכט, ליגנדיק

אייפן געלעגער אין דער פינצטערער קיך, האָבן זיך איר פאַרגעשטעלט אזעלכע תענוגפולע בילדער. עס האָט זי געבריט דער הייסער אָטעם פון מאירלס פליישיקער נאָז, די האָר פון זיין באָרד האָבן אַזוי מחיהדיק גע־שטאָכן איר פאַרוועלקטע ברוסט און פערציק יעריק בלוט, איר יאָרן לאַנג אייסגעהונגערט לייב האָט געבריט, געמאָנט און גערופן . . . און כאָטש פון דעם אַלעם איז קיינמאָל גאָר נישט אַרויסגעקומען, און גע־בליבן זיינען בלויז רייד, ווייל מאירל האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו עסן פאַר זיין אייגן געלט און אודאי וועט ער נישט גיין מפרנס זיין עפעס אַ ווילד פרעמדע ידענע, אָבער אַ חלום איז דאָס געווען, וואָס האָט אויסגעפילטביילעס נעכט אויף איר איינזאַם געלעגער.

ווען ביילע איז אָנגעקומען צו ר' שמואלן אין הויז, איז נאָך יאסקע נישט געווען אויף דער וועלט און אַלע מאַמע געפילן, וואָס זיינען גע־בליבן נישט אויסגענוצט, האָט זי אויסגעלאָדן אויף יאסקען ווען זי האָט געהאָדעוועט. יאסקע האָט פון דער פריסטער קינדהייט געהאַלטן ביילען ווי אַ מאַמען. ער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט: מאַמע, עס הונגערט מיך, נאָר: ביילע, מיך הונגערט, ביילע, עס דאַרשט מיך, ביילע, אַ קנעפל האָט זיך מיר אָפּגעריסן. אין זיין ווענדן זיך צו איר איז קיינמאָל נישט געווען קיין באַפעלערישער טאָן אַזוי ווי פון די איבעריקע שטוביקע, נאָר גיכער עפעס ווי פון אַ קינד צו אַ מאַמען. אַפילו ווען ער האָט איר נישט איינמאָל אַראָפּגעריסן די פאַטשיילע פון קאָפּ אַראָפּ און זי גערופן: גלאָמב, פאַרזעסענע, איז געווען גענוג ער זאָל מיט אַ פּאָר מינוט שפּע־טער פאַרוואַרפן זיינע הענטלעך אַרום איר האַלדז, אַז אַלץ זאָל זיך אויס־היילן און זי זאָל אַלץ פאַרגעסן. ווייזט אויס אַז אויך זי, ביילע, האָט דער־פילט, אַז יאסקע איז עפעס געקנעטן פון אַ גאַנץ אַנדערן טייג ווי די רעשט שוועסטער און ברידער זיינע. און כאָטש זי פלעגט אים מוסרן: פע, יאסקע, עס איז נישט שיין וואָס דו שלעפּסט זיך אַרום מיט דעם סטרוזשס שקצים, און דו חברסט זיך מיט נחמן שקאָפּס איינקלער, אָבער ווער ווייסט צי טיף אין האַרצן איז זי ניט געווען צופרידן דערפון? און איצט, אין דער שפּעטער שעה, ווען דאָס יינגלשע געמיט איז געווען אָנ־געלאָדן מיט אַזוי פיל שווערקייט, איז דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט צו וועמען זיך צוצוטוליען, טאַקע נישט געווען קיין אַנדערער נאָר ביילע. איז ער פּלוצלונג געגעבן אַ פאַל צו צו איר אַזוי ווי זי איז געשטאַנען מיט אַ טעלער אין איין האַנט און מיט אַ שטשערקע אין דער

אַנדערער, און גענומען באַדעקן איר פּנים מיט פּלאַמיקע קושן. און ווען זי האָט גלייכצייטיק מיט די קושן דערפילט די פייכטקייט פון טרערן וואָס האָבן איר נאַס געמאַכט די באַקן, האָט זי זיך דערשראָקן און גע־נומען אים טאַפּן דעם קאָפּ צי ער האָט, חלילה, נישט קיין היץ. אוי אַ בראָך איז צו מיר, יאָסקע לעבן, וואָס איז דיר, טייער קינד מיינס? און האָט אים גענומען אויסטאָן דעם פּאַלטאָן.

די גאַנצע סצענע האָט געדויערט נישט מער ווי געציילטע רגעס. דאָס יינגל האָט זיך מיטאַמאָל געוואַלדיק פאַרשעמט און מיט כעס זי גענומען אָוועקשטופּן פון זיך, גלייך זי וואָלט אין אַלץ שולדיק געווען. ער איז מיט האַסטיקייט אַנטלאָפן פון קיך. ביילע האָט געהייבן מיט די אַקסלען און נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען, און געמורמלט: אַ געזונט אים אין די ביינדעלעך, מיין טייער און כשר קינד.

## קאַפּיטל 4.

ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, האָט יאָסקע זיך געחברט מיט קינדער נישט פון זיין שטאַנד און סביבה און דעריבער פלעגט ער אויך אַריינקומען אין אַזעלכע שטובן, וואָס האָבן זיין טאַטן קיין נחת נישט פאַרשאַפט. איינס פון די ערטער איז געווען דער בית המדרש. דער בית המדרש? ווען זיך אַסך אַ כאַפּ טאָן, וואָס פאַר אַ אומכבוד האָט געקאָנט זיין פאַר ר' שמואלן וואָס זיין יינגל איז געקומען אין בית המדרש אַריין? נאָר אז עס וועט דערציילט ווערן וואָס פאַר אַ ראָלע עס האָט געהאַט דער בית המדרש אין יענע שווערע צייטן און ווער עס איז אַלץ דאָרט אַריינגעקומען, איז עס טאַקע געווען אַן אומכבוד פאַר ר' שמאלן וואָס זיין יינגסטער זון איז דאָרט געווען אַזאַ אָפטער גאַסט.

דער בית המדרש אין שטעטל איז פון אייביקע יאָרן נישט בלויז א מקום קדוש, וואו מען קומט אָפּדאַווענען. דאָס אויך. אָבער אַ חוץ דעם איז דער בית המדרש אַזאַ מין קלוב, וואו די גאַנצע שטאָטישע אָרעמקייט, באַלמעלאָכעס, דאָרפגייערס, אָדער סתם יידן אָרעמעלייט, טרעפן זיך. דאָ האָבן אויך געהאַט זייער מקום מקלט אַלע יונגע גנבים, שלעפּערס און אַלע די וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ. אוז בפרט ווינטער. פאַרנאַכט, ווען אינדרויסן הייבט אָן ווערן טונקל, ציען זיך פון אַלע גאַסן און געסלעך יידן אָנגעטאָנענע אין וואַטאָווענע פּאַלטעס, אָדער גאָר אין לייכטע כאַלאַטלעך מיט געוואַלט אַרויפגעצויגענע אויף גראָבע שפּאַנצערס, מיט פוטערנע היטלען איבער די אויערן — און אַלץ אַיילט אין בית המדרש אַריין. די שווערע טירן רוען נישט קיין איינציקע מינוט. די זאַוויעסעס סקריפּן מיט אַ הייזעריק קרעכצן. ביים אַריינקומען טונקט זיך יעדער אָפּ די הענט אין פּאַס וואַסער וואָס שטייט לינקס פון דער טיר. ביסלעכווייז ווערט דאָס גרויסע פיר־עקיקע בית המדרש אָנגעפילט און אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן אַזוי ווי הערינג אין אַ פּאַס, און אַז מען עפנט די טיר, גיט זיך אַ שפּאַר אַרויס

פון אינעווייניק אַ געדיכטער און טונקעלער וואָלקן פון פּאַרע. און ווען מען קומט אַריין פון דרויסן, פּאַלט מען אַריין ווי אין אַ באַגינענדיקן נעפּל, וואָס ווערט קוים באַלויכטן פון אַ שוואַנקנדיקער, קוים זשיפּיענדיקער זון. עס טראָגט זיך אַ זשומען ווי אין אַ בינענשטאָק, עס הערן זיך נישט קיין ווערטער, נאָר בלויז אַזאַ זום, זום.

שיינע יידן, ווי, למשל, אַ ר' שמואל, אָדער אַ ר' יעקב שאַרפּמעסער קומען נישט אין בית המדרש אַריין צו מנחה ומעריב. אַמאָל אַז זיי זיינען אין גוטן מוט, גייען זיי אין שטיבל אַריין. און ראש חודש אָדער ווען זיי האָבן יאָרצייט, ווייסן שוין היימישע מענטשן, אַז מאָרגן האָט ר' שמואל אָדער ר' יעקב יאָרצייט, און מען דאַוונט מיטן מנין אין שטיבל. יאָסקע קומט כמעט יעדן פּאַרנאַכט אין בית המדרש אַריין און נישט אַזוי צו מנחה און מעריב, נאָר אַביסל שפּעטער, ווען דאָס רוב יידן זיינען שוין אינדערהיים. דער שמש האָט אויסגעלאָשן די לאָמפּן און געלאָזט איין אָדער צוויי ברענען ביים טיש פון דער מזרח וואַנט, וואו עס זיצן שטענ־דיק עטלעכע יידן און קוקן אַריין אין אַ ספר. דעמאָלט ווערט אין בית המדרש ערשט רעכט היימלעך. ווי מ'איז פון די לעכער קריכן אַרויס: הערש־קע פּאַרך, כאמבול גראַש, לייבעלע גנב, יולקעס דריי ייִנגלעך און נאָך און נאָך. אין דער שעה הייבט אָן דאָס האַלבע בית המדרש הינטערן באַ־לעמער צו לעבן אויף אַן אייגענעם שטייגער. עלטערע יונגען שפּילן אין קאָרטן, יונגע אין וואַרפּעלעך. בערל משה כילס, דער שטאָט גנב האָט געמאַכט די חלוקה מיט זיינע שותפים און האַנט יונגען.

דער גרויסער פּאַרצייטיקער אויוון, וואָס פּאַרנעמט דריי חלקים מעריב וואַנט, און אויף וועלכן די ווייבער באַקלאָגן זיך, אַז צוליב זייער אומגעלומפּערטקייט הערן זיי נישט קיין איינציק וואָרט פון די תפילות, אָט דער אויוון וואָס מען רופט: „וואַגאָן", ווערט מיטאַמאָל פול באַזעצט פון יאַטן וואָס קלעטערן אַרויף און אַראָפּ. נישט איינמאָל פליט אַ יונג אַראָפּ פון דער הויך און ברעכט שיעור נישט האַלדז און נאַקן.

יאָסקען ציט עס ווי מיט אַ מאַגנעט אָט דאָ אַהער. ער מיט זיין חבר שלום זיינען דאָ אין די שעהן אָפּטע געסט. נישט איינמאָל פלעגט ר' שמואל, ווען עס איז געקומען צו רייד טענהן: אדרבא, יאָסקע, זאָג מיר אויך וואָס טוסטו כמעט יעדן אויפדערנאַכט אין בית המדרש? זאָגסט תהילים? צי אפשר גאָר לערנסטו ביי הערשל געגנשעווילקער עין יעקב? אדרבא, איך וויל עס אויך וויסן וואָס דו האָסט צו טאָן אַלע נאַכט אין

בית המדרש? יאָסקע פּלעגט זיין שטום ווי אַ פיש. וואָס האָט ער געהאַט צו ענטפערן? אפשר דערציילן דעם טאַטן זיינעם, אַז דאָס האַלבע בית המדרש הינטערזי בעלעמער לעבט מיט אַסך מער פּאָלבלוטיק לעבן וואָס לאָקט און ציט אים טויזנט מאָל מערער ווי די גרויסע שטובן מיט דעם טונקעלן מאַסיוון מעבל, וואָס דריקט אָפּטמאָל ביז צום דערשטיקט ווערן?

אויך היינטיקן אָוונט איז יאָסקע געווען אין בית המדרש. מען האָט שוין געהאַט אָפּגעדאַווענט דאָס לעצטע מאָל מנחה. לייזער שמש האָט געעפנט די אונטערשטע טירלעך פון ארון קודש און אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט תהילמלעך, וואָס זיינען תיכף צופלעמט געוואָרן אונטער די הענט. דער הויכער כאָסקעל האָט שוין אָנגעהויבן הויך אויפן קול: יהי רצון. און פּלוצלונג אַ קלאַפּ אין באַלעמער. אַ וואַלד פון מענטשלעכע קעפּ האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס מיט די פּנימער צום באַלעמער. דאָס זשומען האָט זיך מיטאַמאָל איינגעשטילט און איז ווי איבערגעשניטן געוואָרן. אויפן באַלעמער, ביים שולחן, איז געשטאַנען האָפּענבערג, דער דענטיסט, אַ קיילעכדיק מענטשל מיט רויטע בעקלעך און מיט אַן אויסגעפּוצט, ווי אויסגעכאָלעט, פּליכל אויפן קאָפּ, פוןביידע זייטן זיינען געשטאַנען: בער שומשונס און לייבעלע גאָלדבערג, דאָס אַדוואָקאַטל.

יידן האָבן געקוקט און זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון אָט דעם מאָדנעם חוט המשולש וואָס האָט זיך דאָ צענויפגענומען. מילא, בער שימשונס, כאָטש אַן אַפּיקורוס, אָבער אַיינגעוואוינט איז מען מיט אים, ווייל, אימשטיינס געזאָגט, אין וואָס עס באַשטייט דאָס גאַנצע אַפּיקורסות זיינס. אַז אַ לאַנגע קאַפּאָטע גייט ער אָנגעטאָן, אַ באָרד האָט ער גלייך מיט אַלע יידן, שבת גייט ער אין בית המדרש אַריין דאַווענען, אַ גאַנצע וואָך שטייט ער אין אַ געוועלב, זומער דרימעלט ער און ווינטער וואַרעמט ער די הענט ביים פייער־טאָפּ אָדער ער קלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס. נאָר וואָס אַמאָל מיט צוואַנציק יאָר צוריק, איז ער געווען אַ שטיקל צייט אין פּאַריז, און פון דעמאָלט אָן האָט זיך צו אָט דעם ייד, לא עלינו, עפּעס אַ קליפּה צוגעטשעפּעט און ער קרענקט אויף פראַנצויזיש. ווען וואָס מען זאָל נאָר נישט ריידן, קומט ער אַרויס אויף פּאַריז. לייענט ווער אין צייטונג וועגן אַ באַנדיטן אָנפאַל צי אַ פּאָפּולער וויסנשאַפטלעך אַרטיקל, פאַרטייטשט ער עס דיר תיכף אויף פראַנצויזיש. אויך די קינדער זיינע דערציט ער מיט פראַנצויזיש. טאָג טעגלעך מאַטערט ער דאָס עלטסטע יינגל זיינס מיט אַזאַ פּאַרציע פראַנצויזיש, און ער שלאָגט אים מכות

רצח, ווען ער קאָן נישט געבן אַזאַ פּאַנפּע ווי דער טאַטע וויל און ווי אַזוי מען מאַכט עס דאָרט אין פּאַריז. מילא, זיינען אים יידן מוחל זיין פראַנ־צויזישע קרענק. סוף כל סוף קומט ער אַמאָל צוניץ אויך, ווען מען דאַרף שרייבן אַן אַדרעס קיין פראַנקרייך.

צנם אַדוואָקאַטל איז מען אויך צוגעוואוינט. נאָר האָפּנבערג אין בית המדרש, דאָס איז באמת עפּעס אַ חידוש. וואָרט מען טאַקע מיט אונגעדולד וואָס זיי וועלן זאָגן. לייבעלע גיט נאָך אַמאָל אַ קלאַפּ אין טיש אַריין, ער פאַרוקט דאָס האַרטע קאַפּעלושל ביז אין האַלבן קאָפּ, גיט אַ הילכיקן שנייץ אויס די נאָז, שלעפּט אַרויס די ברילן פון וועסטל קעשענע און בכלל אַלע הכנות, וואָס ער איז געוואוינט צו מאַכן, פאַר אַ רעדע אין סאנד, און ער הייבט אָן מיט אַזאַ מין לשון: מיינע הערן, אַזוי ווי לויטן באַפעל פון קרייז שעף האָבן מיר יידן דאָס רעכט אויסצעווילן זעקס ראַטמענער אין שטאָט ראַט אַריין, און אום די רעפּרעזענטאַנץ זאָל זיין לויט אונדזער ווירדע, האָט זיך געבילדעט אַ קאָמיטעט, וועלכער פירט אָן מיט אַלע ענינים וואָס האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט אָט־די געגעבענע וואַלן. און כדי איר, מיינע הערן, זאָלט גוט באַגרייפן די גאַנצע זאַך, וואָס רופט זיך וואַלן. איז דער הער האָפּנבערג געוועזן אַזוי ליבנסווירדיק און באַשטאַנען צו האַלטן היינט אַ רעפעראַט וועגן די וואַלן.

אָפּגעזאָגט, האָט ער זיך אַ נויג געגעבן צום דענטיסט און מיט אַ זיס שמייכעלע, אַ זאָג געטאָן: ביטע געפעליגסט, הער האָפּנבערג.

וואָס דער דענטיסט האָט גערעדט איז יאסקען פאַרפלויגן פון זכרון. דער גאַנצער ענין איז אים קנאַפּ וואָס אָנגעגאַנגען. ער איז סתם אַזוי געשטאַנען און זיך צוגעהערט, פונקט ווי עס טרעפט זיך אַמאָל אין אַ זומער־־טאָג, ווען מען זיצט ביים טייכל און מען הערט זיך צו צום שטילן פליסן פונם וואַסער, אָדער צום שאָרכן פון די ביימער אין וואַלד, סתם אַזוי אָן שום טראַכטענישן און געדאַנקען.

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך, ווען נאָך האָפּנבערגן, האָט לייבעלע גאָלדבערג אָנגעהויבן אויסצורעכענען די נעמען פון די זעקס ראַטמענער, און לויבן זייערע מעלות. דער ערשטער פון די קאַנדידאַטן איז געווען ר' שמואל נירמאַן, און ביים דערמאָנען זיין טאַטנס נאָמען, האָט זיך יאָסקע ווי אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן הערן אויפמערקזאַמער.

לייבעלע גאָלדבערג האָט גענומען אויסרעכענען אַלע מעלות טובות פון ר' שמואלן: די גאַנצע שטאָט קאָן אים און ווייסט וואָס פאַר אַ

בריליאַנטענער מענטש דאָס איז, יעדן יידס צרות דערגיין צו די טיפע־נישן פון זיין האַרץ, און ווער האָט אויסגעפּועלט ביים קרייז־שעף קאַר־טאָפּלעס פאַר אָרעמעלייט? נישט ר׳ שמואל? און ווער גיט די שענסטע נדבות? און פאַר וועמען האָט די גאַנצע שטאָט דרך ארץ, אַפילו קריסטן? דער שענסטער שפּיגל אונדזערער.

מער האָט יאסקע נישט געהערט, ווייל זיין בליק האָט זיך מיט־אַמאָל אָנגעטראָפן מיט שלמה גזלנס יינגל און ער האָט זיך דערמאָנט, ווי יענער האָט אים מיט עטלעכע וואָכן צוריק אַ זאָג געטאָן, ווען ער האָט אים געטראָפן אַ שטאַרק פאַרסאַפּעטן טראָגן אַ זעקל אויף די פּלייצעס: אַ פייער זאָל זיי אויסדישן אַלע שיינע יידן און בעלי טובות. אַ גאַנצן טאָג אָפּגעשטאַנען און אויסגעפּרוירן געוואָרן איידער כ׳האָב דערלעבט צו קריגן אַביסל קאָרטאָפלעס און אין שטוב איז דערפון געוואָרן בלאָטע.

ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין פון בית המדרש, ווי ער האָט פלוצלונג דערהערט אַזאַ וויך פּישטשנדיק קולכל: נו, יאסקע, הערסט וואָס מען רעדט וועגן דיין טאַטן? ער האָט זיך אומגעקוקט, עס האָבן גע־קוקט אויף אים צוויי זיס־הכנעהדיק־שמייכלענדיקע אייגעלעך פון אונטער ברילן אפער פון משה יצחקס, אָדער ווי מען רופט אים לעצטנס: משה ווינשטאָק.

געווען איז עס אַ יונגערמאַנטשיקל פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק, אַ קליינס און אויסגעדאַרטס מיט אַן אויסגעצויגן וואַקסיק־געל פּנימל באוואקסן מיט שיטערע בלאָנדע הערלעך, צו עטלעכע אויף ביידע באַקן און אַ פּאָר אויף דער סאַמע שפּיץ גאָמבע, און צוזאַמען האָט עס אויס־געזען ווי אַ סעגל בערדעלע. פון אונטער די ברילן האָבן אַפּערגעקוקט צוויי פלינקע מייזן אייגעלעך, אין וועלכע עס איז שטענדיק געלעגן אַ גרייטער זיס־הכנעהדיקער שמייכל פאַר אַ שטאַרקערן און גלייכצייטיק אַן אויבן אַראָפּ בליק פאַר אַ שוואַכערן. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ פּראָסטער ייד, אַ בעקער, און אויך די רעשט קינדער האָט ער געמאַכט פאַר באַלמעלאָכעס. נאָר איין משהלע האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין שטאַנד. אָנגעהויבן האָט ער זיין קאַריערע אַלס שיק יינגל, נאָך אַ שטיק פאַר דער מלחמה, אין דער שטאָטישער ליי און שפּאָר קאָסע, וואו ר׳ שמואל איז געווען פּרעזעס, און מיט קריכן אונטער די פיס, מיט זיין הינטיש חניפעשן בליק פון די מייזן אייגעלעך, האָט ער זיך איינגעקויפט ביי אַלעמען און פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט ער געקראָגן אַ גרעסערן

פּאָסטן און געהאָפּט אויף ווייטער. צו ר' שמואלן אין שטוב אַריין קומט ער אַריין פון צייט צו צייט, און יאסקע געדענקט נאָך גוט די ערשטע צייט פון זיין אַריינקומען, ווי אַזוי ער פלעגט זיצן אויף אַ שפּיץ פון דער שטול, ווי אַזוי ער פלעגט נתפּעל ווערן ווען ר' שמואל האָט אים עפּעס גע־פרעגט, ווי אַזוי די אויגן פלעגן זיס־הכנעהדיג שמייכלען, פּונקט ווי אַ הונט וואָס ווערט נתפּעל פון באַלעבאָס אַ גלעט און ער לייגט זיך אויפן רוקן מיט די לאַפּעס אַרויף: טו מיט מיר וואָס דו ווילסט נאָר אַליין.

מיט אַלע כוחות האָט זיך אָט דאָס משהלע באַמיט אַריינצוקומען אין ר' שמואלס קרייז און וואָס מער זיך צו דערווייטערן פון זיינע איי־גענע. צו דעם צוועק האָט ער שבת אָנגעהויבן קומען אין דעם איי־גענעם שטיבל וואו ר' שמואל האָט געדאַוונט, און איינמאָל, ווען דער רבי איז געווען אין אַ שכנותדיק שטעטל, איז ער צוזאַמען מיט נאָך חסידים געפאָרן אויף שבת צום רבין, און פון דעמאָלט אָן איז ער שוין געוואָרן אַ חסיד אויך. און אַז ער האָט געקראָגן אַ ביסל אַ בעסער באַצאָלטן פּאָסטן, האָט ער זיך מישב געווען, אַז פאַר אַזאַ שטייגער יונגערמאַן וואָלט אויך געפּאַסט ער זאָל קאָנען אַביסל לערנען אויך. האָט ער זיך געדונגען מאירל געניוועשאַוער אַז ער זאָל מיט אים לערנען יעדן טאָג, באַלד אינדערפרי און אויך נאָך מעריב.

עס איז נישט געווען עפּעס מער קאָמישערס ווי צו שטיין און זיך צוקוקן צו אָט די שעורים. מאירל, בטבע אַ ייד אַ בייזער און אַ אומגעדול־דיקער, און אַ גאַנץ קנאַפּער בעל מסביר, פלעגט מיט זיין גראָב הילצערן קול זעצן און האַקן די ווערטער, גלייך מען וואָלט געהאַקט האָלץ. און משהלע האָט מעכאַניש, איינטאָניק און שלעפעריק נאָכגעזאָגט מיט אַזאַ חשק, גלייך עס וואָלט עמיצער געשטאַנען איבער אים מיט אַ ראַפּניק און אים געצוואונגען צו אָט דעם ענין. און מאירל האָט אונטערגעשטופּט: נו, נו, גיכער, זאָג שוין, פּונקט ווי מען יאָגט און מען שמייסט אונטער אַ פויל אַלט פערד.

און משהלע האָט זיך טאַקע נישט געגאַרט אין חשבון. יידן חסידים האָבן געוואוסט אָפּצושאַצן וואָס אַן עלטער ייִנגל נעמט זיך היינטיקע צייטן, ווען דאָס יידישקייט ווערט אַלע מאָל שוואַכער, צום לערנען, און זיי פלעגן זאָגן: כאָטש פון פּראָסטע עלטערן, אָבער אַ יידיש ייִנגל.

איין עלטערער ייד בלויז, יצחק לייבישעס, אַ ייד אַ מרוק מיט אַ פּאָר בייזע אויגן, וואָס האָבן מיט בייזקייט געקוקט פון אונטער געדיכטע

ברעמען, האָט נישט געקאָנט ליידן משהלען, און ער פלעגט בייז וואַר־טשען אין זיך בשעת די שעורים: סיי ווי סיי וועסטו פאַרבלייבן אַ וואויטיק . . .

יאסקע פאַרטראָגט נישט אָט דאָס יונגערמאַנטשיקל מיטן סעגל בערדעלע. עס נודזשעט אים זיין הינטיש חניפה׳ש בליקעלע, עס איז אים איבעלדיק דאָס געל וואקסענע פנים מיט דעם אונטערטעניקן שמייכעלע ווען ער ציט דאָס היטל אַפילו פאַר דעם וואָזשנע פון מאַגיסטראַט. און נאָך מער קרענקט אים, וואָס דער טאַטע זיינער זאָגט אַלע מאָל: ער וועט אַרויסוואַקסן אַ מענטש, אָט דער משהלע יצחקס, זייער אַ וואויל און פעאיק יינגל.

איצט, ווען משהלעס שפיציקע מייזן־אייגעלעך האָבן אויף אים גע־קוקט מיט אזא זיס סאכאַרינע בליקעלע און אַזוי חניפהדיק געשמייכלט: הערסט, יאָסקע, וואָס מען רעדט וועגן דיין טאַטן? און געדאַכט האָט זיך גלייך ער וואָלט וועלן זאָגן: אַה, ווען איך האָב אַזאַ טאַטן, וואָלט איך ווייט, ווייט אַוועק, איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אַלץ אַרום אַזוי נמאס. האָט ער געלאָזט שטיין משהלען, אים גאָרנישט געענטפערט און איז אַרויס פון בית מדרש.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. די הימלען זיינען כסדר געווען טריבע און פאַרוויינטע. עס האָט אַלץ אַזוי געפרושעט אַ דראָבנע און שטעכעדיק רעגנדל. ער איז דורכגעגאַנגען די בית המדרש גאַס, און ווען ער איז צוגעקומען צו לייבעשל בעקערס הויז, האָט ער פלוצלונג דער־הערט אַזאַ שטיל שלוכצען. ער האָט זיך דערנענטערט צום פענצטער, פון וואַנען דאָס שלוכצען האָט זיך געהערט, און זיך דערמאָנט, אַז דאָ וואוינט מאָניש. אַ מאָדנע אומרואיקייט האָט אים אַרומגענומען. אייגנטלעך האָט ער אַליין נישט געוואוסט פון וואַנען דער אומרו דערנענט זיך. וואָס איז דען מאָניש געווען צו אים? נישט קיין קרוב, נישט קיין באַקאַנטער. נאָר פון יענער נאַכט אָן, ווען יענעמס ווייב איז געקומען וויינען פאַר זיין טאַטן ער זאָל זי ראַטעווען, האָט ער דערפילט עפּעס אַ מאָדנע אחריות פאַר מאָנישעס גורל, גלייך ער וואָלט געווען שולדיק וואָס יענער איז קראַנק, אָרעם און צעבראָכן. און דערהערנדיק איצט דאָס שלוכצן, האָט אים אַ מוראדיקע שרעק אַרומגענומען: אפשר לעבט ער נישט מער. ער איז אַריינגעגאַנגען אין פאָדער־הויז, געעפנט די טיר, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס שלוכצען און ער איז געווען ביי מאָנישן אין שטוב.

אַ קליין בלישטשערל האָט קאַרג באַלויכטן דאָס שמאָלע לענגלעכע שטיבל, לינקס ביי דער וואַנט זיינען געשטאַנען צוויי בעטלעך, רעכטס האָט זיך געפונען אַ קופערט, אַ טישל, און אַ גרויס פאַמישאַף האָט פאַר־נומען אַ שטיק שטוב. אויפן בעטל וואָס אַרויף צו צום פענצטער, איז געלעגן צוגעדעקט מיט אַן איבערבעטל אין אַ ציך פון קראַטן, מאָניש. דאָס פנים איז געווען עפעס מאָדנע אָנגעגאָסן, אַזוי אָנגעבלאָזן, גלייך אַן אונזעבאַרע האַנט וואָלט כסדר אָן אויפהער אין אים אַריינגעפאָמפעט לופט. צוויי שטאַרע, ווי גלעזערנע אויגן, האָבן אַרויסגעקוקט פון אָט דער פנים מאַסע גלייך אַרויף צו דער סטעליע, און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן אין עפעס אַן אויסטערליש סאָפען, פונקט ווי אַ מיעך. דאַלעבן איז געזעסן דאָס ווייב און שטיל געכליפעט. איבער דעם שטיבל האָט זיך אַרומגעדרייט אַ נידריק יידל מיט אַ שוואַרץ בערדל און אַ מאָד־נעם משונהדיק־גרויסן קאָפ, געבראָכן די הענט און עפעס געמורמעלט אין זיך אַריין. ביי יאסקעס אַריינקומען, האָט דאָס יידל מאָנישעס זין, אָפּ־געשטעלט זיין אַרומדרייען איבער דער שטוב, און דערקענענדיק יאסקען, האָט זיך אויף זיין פנים באַוויזן עפעס אַ מאָדנע גרימאַסע, ענלעך צו אַ שמייכל: אָ, דאָס ביסטו, יאָסקע. קום אַריין נעענטער, און אָנבויגנדיק זיך צו יענעמס אויער, האָט ער אים שטיל איינגערוימט: שטאַרק שלאַף נעבעך דער טאַטע. ער האָט זיך דערנענטערט צום קראַנקן בעט.

— וואָס מאַכט איר עפעס מאָניש? האָט ער זיך געווענדעט צום קראַנקן.

— וואָס זאָל מען מאַכן, אויף אַלע שונאים געזאָגט, האָט יענער אַרויס־געסאָפּעט און זיך מוראדיק צעהוסט. אַ פּאָר מינוט איז ער נאָך געשטאַנען אַרומגענומען און ווי איינגעפרעסט פון דער שווערער שטילקייט, וואָס האָט זיך מיט אַן אויסטערלישער שווערקייט געלייגט און געדריקט זיין געמיט. און מיטאַמאָל האָט ער דערפילט די איבעריקייט פון זיין איצטיק אַריינקומען צו מאָנישן. אין די מינעס פון די שטוביקע האָט ער דערקאָנט, אַז עפעס דערוואַרטן זיי פון אים, און אפשר טראַכטן זיי, אַז דאָס האָט אים דער טאַטע זיינער געשיקט געוואָר ווערן וואָס מאָניש מאַכט? און ער — וואָס קאָן ער העלפן? זיינען ווי אויף פליגל פון ווינט געקומען צופליען לייבעלע גאָלדבערגס ווערטער: יעדן יידס צרות דערגרייכן די טיפענישן פון זיין האַרץ, און אַזאַ נאַגנדיקער ווייטיק האָט גענומען פרעסן און ציען. און ווינטשנדיק מאָנישן אַ רפואה, איז ער אַרויס פון שטוב.

## קאַפּיטל 5.

ער האָט אַליין נישט געוואוסט ווי לאַנג ער האָט זיך אַזוי אַרומ־געשלעפּט איבער די רעגנדיקע גאַסן אינגאַנצן אָן אויסגעליידיקטער פון געדאַנקען, בלויז מיט עפּעס אַזאַ טעמפּן און נאָגנדיקן צער, ווי ער איז פּלוצלונג אַרויסגעריסן געוואָרן פון אָט דעם צושטאַנד פון אַ קלינגענ־דיק מיידל קולכל, וואָס האָט אים באַגריסט: — גוט נאָוונט יאָסקע, וואָס דרייסטו זיך עפּעס אַרום אין אַזאַ דרויסן? און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי ווידער אַ זאָג געטאָן: אויב דו ווילסט יאסקע, וואַרט צו אויף מיר אַ ווײַלע, איך גיי אַריין אין קרעמל עפּעס קויפן, וועלן מיר אַהיים גיין גלייך.

— אודאי וועל איך צואוואַרטן, האָט יאָסקע געענטפערט מיט אַ קול, אין וועלכן עס האָט אַרויסגעקלונגען פריידער און אויפגעלעבטקייט.

ער האָט גוט געקאָנט אָט דאָס מיידל: רבקהלע מאניס סטאָלאַרס יינגסטע טאָכטער.

ניט ווייט פון ר׳ שמואלס פאַבריק, מיט עטלעכע הייזער אַרויפצו צו דער שטאָט, שטייט אַן אַלטע גרויסע געביידע מיט אַ לאַנגן פינצטערן דורכגאַנג אין אַ צווייטער גאַס אַריין. אַ מאָדנע הויז איז אָט די געביידע. אַחוץ די דירות אין פּאַרטער, געפינט זיך נאָך הינטן אַ מאַסע צוגעבויטע שטיבלעך, איבער די שטיבלעך אַזעלכע קונציקע גאַרנדלעך. אָט שטייט זיך אַזאַ קעמערל ווי צוגעקלעפּט צום הויז ביי דער רעכטער וואַנט פון דער געביידע, לינקס קלעפּט נאָך אַזאַ מין קעמערל, איבער ביידע שטיב־לעך אויפגעבויטע גאַרנס, און אינדערמיט, צווישן איין גאַרנדל און צווייטן, ליגן אזעלכע קונציג איבערגעוואָרפענע בעלקעס, און אויף די בעלקעס נאָך אַ קעמערל, וואָס הענגט ווי אין דער לופט.

יאָסקע האָט שטענדיק ליב געהאַט זיך אָפּצושטעלן ביי אָט דעם

הויז און קוקן אויף די קונציקע גאָרנדלעך, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי עפּעס פויגל־שטייגן, וואָס אַ יינגל אַ לאָבוז האָט אויפגעהאָנגען איבערן בוידעם.

און מאָדנע זיינען אויך געווען די מענטשן וואָס האָבן דאָ גע־וואוינט: דער באַלעבאָס פון אָט דעם גאַנצן געביי איז געווען פישל באַ־גרעבער, אַ ייד פון אַ יאָר זיבעציק, מיט אַ מוראדיק צוקאַלעטשעט און צואַקערט פּנים. סיי זומער, סיי ווינטער גייט פישל אַרום אָנגעטאָן אין אַ לאַנג וועסטל אויסגעשטעפּט אויף וואָטע. דער דאַשעק פון היטל איז אַראָפּגערוקט ביז צו דער שפּיציקער נאָז, אויף וועלכער עס רייטן שטענ־דיק אַ פּאָר ברילן מיט אַן איינאונאיינציק שייבל, דאָס קאָפּל ליגט ביי אים אייביק אויפן קאָרק, און אַ קליין לולקעלע צווישן די ציין. ביי פישל באַגרעבער אין הויז וואוינען נישט קיין גבירים. געפינסט דאָרט: אַ שו־סטער, אַ שניידער, אַ טרעגער, אַ באַלעגאָלע, און קומט אַמאָל אין שטאָט אַריין אַ קאַטאָרינקאַזש צום גרויסן יאַריד, אָדער אַ קונצן־מאַכער, גע־פינט זיך אויך פאַר אָט די פאַרשוינען, וואָס דרייען זיך אַרום מיט די גראַנאַטענע היטלען מיט די גלאַנציקע דאַשקעס און הויכע שטיוול מיט קומע פּראווידלעס — און שרעקן יידן מלמדים מיט זייער גוישקן הולך — געפינט זיך אויך פאַר זיי אַ סטאַנציע ביי פישל באַגרעבער אין הויז. און אָט אין דעם געהייז האָט זיך לעצטנס אויך אַריינגעצויגן מאַניס סטאָלאַר.

מאַניס איז אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער, מיט ברייטע פּליי־צעס. זיין שמייכלענדיק גוטמוטיק פּנים איז אַרומגענומען מיט אַ שוואַר־צער באָרד, און צוויי קלוגע שמייכלענדיקע אויגן דערציילן פון אַסך דערפאַרונג און לעבנס חכמה. זיינע הענט דורכגעפלאָכטענע מיט דיקע אָדערן ווי שטריק, וואָס הייבן זיך אָן ביי די דלאָניעס און ציען זיך אַרויף העט אַזש ביז די אַקסלען, דערציילן וועגן לאַנגע יאָרן פון האָרעוואַניע.

אַ וואוילער ייד אָט דער מאַניס. וועסט אים קיינמאָל נישט טרעפן קיין פאַריאָמערטן און קרעכצנדיקן, ווי אַנדערע באַלמעלאָכעס אין די היינטיקע שווערע צייטן. מאַניס קלאָגט זיך נישט פאַר קיינעם. און אויב עס איז נאָר פאַראַן וואָס צו היבלען, איז שוין ממילא דאָ אין שטוב ברויט און קאַרטאָפל. זיינען די אַייזנס פון די היבלעס און רובאַנקעס אָנגע־שאַרפט, אַז מען קאָן מיט זיי אַ האָר איבערשניידן, און מיט אַ פריילעך שווישטשען פליען די שפּענער פון אונטער די שאַרפע אייזנס.

זיין ווייב, רחל, שאַנעוועט אים און רעדט אים קיינמאָל קיין עגמת־נפש רייד, ווייל זי ווייסט, אַז אויף אַרבעטן איז ער נישט פויל. אַחוץ דעם, זיינען פון איר געמיט נאָך נישט אויסגעוועפּט יענע צייטן, ווען מאניס איז געווען דער שענסטער יונג אין שטאָט. נאָך היינט דערמאָנט זי זיך אָפּט מאָל מיט אַ זיסן שוידער יענע אַייזערנע אָרעמס, וואָס האָבן אַיינגעקלאַמערט ביז צו אָטעם פאַרכאַפּונג. רבקהלע איז זייער יינגסטע טאָכטער און זי איז אַלט פופצן יאָר. יאַסקע האָט זי צום ערשטן מאָל דער־זען מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק.

יאַסקע האָט שטענדיק ליב געהאַט צו קוקן ווי עס אַרבעטן באַל־מעלאָכעס. ער האָט געקאָנט אָפּשטיין ווי לאַנג ביי דער טיר פון דער קוזשניע וואָס לעבן דער בריק. דאָס רויט צעגליטע אַייזן וואָס בייגט זיך און פאַרעמט זיך אונטער די קונציקע קלעפּ פון צוויי האַמערס, איין קלאַפּ פון קלענערן האַמער, וועלכער לאָזט נאָך זיך איבער אַ קלינגנדיקן קורצן עכאָ, און באַלד דערנאָך אַ קלאַפּ פון גרויסן האַמער, וועמענס אָפּ־קלאַנג בלייבט לענגער אין דער לופט און קלינגט גרעבער — האָט אים צוגעשמידט צום אָרט. און ווען מען שטערט אים נישט, וואָלט ער אַ גאַנצן טאָג געקאָנט אַזוי שטיין און קוקן. אויך ביי אַ סטאָלאַר איז פאַראַן וואָס צו זען: ווי קונציק דער רובאַנעק וואַרפט אַרויס אַזעלכע לאַנגע ברייטע סטריזשענעס, וואָס וויקלען זיך תיכף צענויף ווי געפלאָכטענע ספּרונ־זשינעס. איז אויב מען האָט ביי ר' שמואלן אין הויז באַדאַרפט עפּעס מאַכן אָדער פאַרעכטן ביים סטאָלער, איז, פאַרשטייט זיך, יאַסקע געווען דער וואָס האָט זיך אַרומגעפּאָרעט ביי די ענינים. און ווען מען האָט פון זייער שטוב איינמאָל מאניסן געגעבן צו מאַכן אַ קרעדענס, און ער איז אַריינ־געקומען מכלומרשט געוואָר ווערן ווען די אַרבעט וועט זיין פאַרטיק, האָט ער דאָס ערשטע מאָל דערזען רבקהלען.

זי איז געווען פון מיטעלען וואוקס, פון די יונגע היפּטן וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן, האָט אַרויסגעפּראַצט אַ דינע אַיינגעצויגענע טאַליע, וואָס האָט זיך אַזוי חנעוודיק אויסגעברייטערט און זיך פאַרענ־דיקט מיט קיילעכדיקע אַקסלען.אַ לייכטע ראָזקייט האָט באַפאַרבט און באַצירט דאָס עטוואָס לענגלעכע פּנים. צוויי בלאָנדע שווערע צעפּ האָבן מיט זייער משא ווי אַרונטערגעצויגן דאָס קעפּל, און דעריבער, האָט זי שטענדיק, גלייך זי וואָלט געוואָלט דערהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט, גע־האַלטן דעם קאָפּ אַביסל אַראָפּגעבויגן, און צוויי טונקל בלויע אויגן, וואָס

האָבן געגלאַנצט מיט אַ בלישטש, און אַ פּאָר יונגע בריסטן, וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן צו שפּראָצן און אַרונטערצערייסן זיך פון אונטער דער בלוזקעלע, האָבן לייכט פאַרשיכורט פונקט ווי יונגער זיסער ווייך. און אײַנגעאַנצן האָט פון אָט דער מיידל געוויעט מיט אַזאַ יונגקייט און פרישקייט, פונקט ווי פון אַ יונגער, גרינער לאָנקע אין סאַמע אָנהויב פו ... ינג.

ווען יאסקע האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, האָט אויף אים אַ הויך געטאָן מיט אַ מחיהדיק פרילינגס ווינטל. ער האָט זיך געטראָפן מיטן בליק פון אירע גראַנאַט שאַפּירענע אויגן און איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן און זיך עפּעס מאָדנע פאַרשעמט. און פון דעמאָלס אָן האָט ער זיך געזוכט פאַרשידענע אויסריידן אַרײַנצוקומען צו מאַניסן אין שטוב.

יענער האָט אים גערן געהאַט און ליב געהאַט מיט אים צו שמועסן. ער האָט זיך נישט קרעמפּירט אין זיין געגנוואָרט אָפּצולאַכן פון די שיינע יידן און אין אַ לייכטן אופן, אַפילו פון יאסקעס אייגענעם טאַטן. אַמליבסטן האָט מאַניס ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות און זכרונות פון פינפטן יאָר: דעם אַלטן יצחק לייבישעס קאָנט עטץ דאָך אַלע. פאַר אַ גראָשן איז ער דאָך גרייט אויסצוהרגענען צען מענטשן און זיך אַליין אַלס צו־לאָג. זיינס אַ זונדל, וויגדערל, איז געווען אונדזערס אַ חברה־מאַן. גיט ער זיך אַמאָל אין אַ שיינעם העלן טאָג אַ ניי אַריין צום טאַטן אין שטוב אַריין און גיט אַ זאָג: טאַטע, איך דאַרף הונדערט רובל.

— וואָס? — קוקט אים דער אַלטער אָן מיט אַ פּאָר אויפגעריסענע אויגן, — וואָס, ביי אַזאַ אָרעמאַן ווילסטו הונדערט רובל? טאַטע, הונדערט רובל זאָל מיר שוין זיין, די מינוט! רוצח, גזלן, קעשענע גנב, הייבט שוין דער אַלטער אָן צו שרייען הויך. נעם שיס מיך, שטעך מיך, רייסט ער אויף דאָס העמד. איך וועל טאַקע שיסן, ענטפערט וויגדערל רואיק און מיט אַ מינע פון אַ קאַלטן גזלן, ציט ער אַרויס פון קעשענע אַ רעוואָל־ווער, און אויב עס איז דיר ווייניק, רעדט ער אַלץ אַזוי קאַלט און רואיק, האָסטו נאָך אַ באָמבע אַלס צולאָג, און פון דער צווייטער קעשענע שלעפּט ער אַרויס עפּעס אַ קיילעכדיקס, פאַרוויקלט אין אַ טיכל, דאָס גאַנצע הויז וועל איך אויפרייסן.

— שמע ישראל! — האָט דער אַלטער גענומען געוואַלדעווען, — שמע ישראל, נאַדיר אַ רובל.

ווייגדער האָט אויפגעהויבן דעם רעוואָלווער, און דער אַלטער האָט אָנגעהויבן צו דערלייגן גילדנווייז ביז אַ פינף־און־צוואַנציקער. אין אַלע האָבן מיר זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, ווען ווייגדער האָט אונז געוויזן אַ ציבעלע פאַרוויקלט אין אַ טיכל און אַן אַלטן פאַרזשאַווערטן רעוואָלווער.

ר׳ יעקב שארפהארץ, ווען מען איז געקומען צו אים ער זאָל ז׳ערלייגן אויפן פרייז, האָט געפּראוווט מיט חניפה, אַז אדרבא, ער פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַן אַרבעטאָרער איז אויך אַ מענטש, אָבער זאָלן זיי, ד.ה. די אַרבעטאָרערס אַליין איבערנעמען דאָס געשעפט און אים אויסצאָלן אַ וואָכן פענסיע. דיין טאַטע, יאסקע, האָט באַלד נאָכגעגעבן און אונטערגעשריבן, אַ קלוגער ייד, דיין טאַטע. דערפאַר אָבער נאָכדעם ווי אַלץ איז געווען פאַרשפּילט, האָט ער געוואוסט ווי אַזוי זיך אָפּצונעמען. צו זעכצן שעה אַ מעת לעת האָט מען ביי אים געאַרבעט, און פון די פרייזן האָט ער געריסן , און אַז עס האָט זיך אַמאָל אַן אַרבעטאָרער פאַרקלאָגט, אַז ער קאָן בשום אופן נישט אויסקומען, האָט ער שטענדיק געהאַט איין איינציקן ענטפער: איך מיש מיך נישט, דאָס איז דעם ווערקפירערס עסק, נישט מיינער. נישט זיין עסק.

— הער שוין אויף, טאַטע, פלעגט רבקה אים איבעררייסן, און צו יאסקען: זאָל דיך נישט פאַרדריסן יאסקע, ער האָט שוין אַזאַ טבע זיך צו רייצן מיט יעדן.

— שאַדט נישט, האָט מאניס געשמייכלט, יאָסקע איז אַ באַש בראַט, וועסט זען רבקהלע, ער וועט נאָך ווערן אַ סטאָליער און דיך נעמען פאַר אַ כלה, כאַ־כאַ־כאַ, האָט ער זיך הילכיק צעלאַכט פון די קינדערס פאַרלעגנהייט, שיינע מחותנים, ר׳ שמואל נירמאַן און מאניס סטרייקער...

— וועסט אויפהערן, משוגענער, פלעגט זיך דאָס ווייב אַריינמישן און אַ סוף געמאַכט צו אָט דעם סאָרט שמועסן.

אָט דאָס מיידל האָט פאַרנומען אַסך פון יאָסקעס געדאַנקען: „וועסט זען, רבקהלע, ער וועט נאָך ווערן אַ סטאָליער און דיך נעמען פאַר אַ כלה". ניט איינמאָל ביינאַכט פלעגט ער ליגן מיט אָפענע אויגן און טראַכטן וועגן אָט די ווערטער, און צייטנווייז איז אים באַפאַלן אַזאַ מאָדנע בענקשאַפט. ביים האַרץ האָט עפּעס גענאָגט אַזוי זיס און אַזוי ווייטיגלעך. וואָס האָט ער געוואָלט? צו וואָס האָט ער געבענקט? עס איז נישט געווען

קיין באַשטימטס. ווען, למשל, עס וואָלט אים ווער אַ פרעג געטאָן: יאסקע, וואָס איז דיין פאַרלאַנג? וואָלט ער נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. און פון דער שטילקייט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, אָדער גאָר ביי־טאָג אין חדר ביי דער גמרא, פלעגט פון די אותיות אַרויסשווימען רבקה־לעס ראָזעווע פנימל מיט די גראַנאַט שאַפירענע אויגן, וואָס האָבן גע־לויכטן אַזוי וואַרעם און פול מיט ליכט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און ווייך זיידענע האָר האָבן אַזוי לייכט און צאַרט באַרירט זיינע באַקן. קיינ־מאָל האָט זיך צו אַזאַ בילד נישט צוגעקלעפט עפעס גראָבס, עקלהאַפטס, וועגן וואָס די חדר יינגלעך האָבן אַזוי אָפט געשמועסט צווישן זיך. חס וחלילה, דאָס געשטאַלט איז געווען אַרומגעצוימט ווי מיט ראָזע לייכטע און צאַרטע פרימאָרגן שטראַלן, און פון אַזאַ באַצירונג האָט זי אַרויסגע־שיינט אַ ריינע, אַ ליכטיקע, אַ צאַרטע, אים אַ לייכטן גלעט געטאָן מיט אַ ווייך וואַרעם און צאַרט הענטל און ווידער פאַרשוואונדן.

אָט אַזעלכע איז געווען דאָס מיידל וואָס האָט פאַרנומען יאסקעס געדאַנקען. איז ער דעריבער אַזוי צעפרידן געווען זי איצט צו טרעפן.

זי איז אַרויסגעקומען פון געוועלבל. אַ פאָר מינוט זיינען זיי אַזוי געגאַנגען אין אַ מאָדנע שווייגן. און פלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן: ווייסט, רבקהלע, אַז מאָניש פיעקאַליק איז אַזוי קראַנק, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן? איך קום איצט פון דאָרט.

„יאָ, האָט זי אַ קרעכץ געטאָן, שווערע צייטן היינט פאַר אָרעמע לייט".

„אודאי, אַזאַ מאָניש, אַ לעבן לאַנג האָט ער אָפּגעהאָרעוועט און איצט שטאַרבט ער פון הונגער און קעלט". און מיטאַמאָל איז געגעבן אַ שווים אַרויס פאַר זיינע אויגן יענער וויזיט פון מאָנישעס ווייב ביי זיין טאַטן, ווען זי איז געקומען וויינען מען זאָל זי ראַטעווען, און פון דעם מיידלס קרעכץ האָט ער אַרויסגעלייענט אַזאַ מין פאָרוואורף, גלייך זי וואָלט אַלץ געוואוסט, אי פון יענעם וויזיט, אי פון דעם וואָס מען האָט היינט גערעדט אין בית המדרש, אַז ר' שמואל איז אַ ייד צו וועמען אין די טיפענישן פון האַרץ עס דערגייען אַלע מענטשלעכע צרות, און ער האָט דערפילט אַזאַ פרעסעניש און נאָגעניש און אַזאַ צאַרטער פאַרלאַנג האָט אים אַרומגענומען צוצופאַלן צו אָט דעם מיידל, צוטולען דעם צע־וויטיקטן קאָפּ צו איר וואַרעמער ברוסט און אַלץ אויסדערציילן...

זיי זיינען צוגעקומען צו מאניסעס שטוב, און זי האָט אים געבעטן אַריינצוגיין: קום אַריין אַביסל צו אונדז, יאסקע, דער טאַטע אַרבעט, עס איז וואַרעם און היימלעך. קום, האָט זי אים אָנגענומען ביי דער האַנט, און ער האָט דערפילט אַזאַ זיסן שוידער. איך פיל מיך עפּעס נישט גוט, האָט ער אַ זאָג געטאָן. אפשר ביסטו, חלילה, נישט געזונט, האָט איר קול געקלונגען מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און צאַרטקייט. עס איז גאָרנישט, האָט ער געענטפערט. און ווען זיי זיינען צוגעקומען צו מאנעסעס שטוב, האָט ער געזאָגט אַ גוטע נאַכט און איז אַהיימגעגאַנגען.

ער האָט נישט געגעסן קיין וויעטשערע, געזאָגט, אַז דער קאָפּ טוט אים עפּעס וויי, און זיך באַלד געלייגט אין בעט אַריין. די מאַמע האָט פאַרבראָכן די הענט, אים געטאַפּט דעם שטערן. ער האָט נישט, חלילה, קיין היץ, און זיך געבייזערט: אַז גאַנצע נעכט שלעפּט מען זיך אַרום אין אַזאַ דרויסן.

שעהן לאַנג איז ער יענע נאַכט געלעגן אין האַלב דרעמל און שווערע חלומות, עפּעס אַזעלכע משונהדיקע היץ בילדער האָבן אים געמאַטערט, און אַ מאָדנע זאַך: אַסך בילדער, וואָס זיינען איצט פאַר־בייגעשוועבט פאַר זיינע אויגן, זיינען געווען אמתע, וועלכע ער האָט טאַקע אַמאָל געזען אין דער ווירקלעכקייט, און אַסך ווידער זיינען נאָר וואָס געבוירן געוואָרן אין איצטיקן האַלבן דרעמל. האָבן זיך אויסגע־מישט חלום און ווירקלעכקייט און געוואָרן איינס, און וויפל ער האָט אָנ־געשטרענגט די מוח ספּרוזשינקעס אויסצעשיילן און אונטערצעשיידן חלום פון ווירקלעכקייט, האָט ער עס בשום אופן נישט געקאָנט באַווייזן.

אָט איז אַ זומער טאָג אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, ער גייט פון חדר. פאַר איישע בעקערס הויז דערזעט ער פּלוצלונג אַ געלויף. פון מאַרק געסל לויפן אַ גאַנצע חברה יינגלעך, גרעסערע און קלענערע. ער לויפט צו און דערזעט אָט וואָס: דער היצעל שלעפּט אויף אַ שטריק אַ געפאַנגענעם הונט. אַ גרויסער שוואַרצער הונט מיט ווייסע פלעקןביים קאַרק און פיס שענקלען. דער הונט וואָיעט מיט אַ יעמערלעך גע־וויין און מיט אַלע כוחות רייסט ער זיך פון שטריק, פּלוצלונג גיט דער הונט אַ שפּרונג מיט אַזאַ קראַפט, אַז דער שטעקן אין היצלס הענט טוט זיך אַ שטעל דיבאָם. נאָך אַ האָר, און דער הונט וואַרפט זיך דעם היצעל גלייך אין פּנים אַריין. יענער באַווייזט אין דער סאַמע לעצטער מינוט

צו געבן מיטן דראנג אַ שטאַרקן זעץ דעם הונט אין פּיסק אַריין. מיט אַ געוואַי פאַלט דער הונט צוריק און פונם מויל גיסט זיך אַ קאַלוזשע מיט בלוט. מיט אַ פּנים וואָס איז אָנגעגאָסן מיט רציחה, פאַרציט דער היצעל דעם שטריק אַרום דעם הונטס האַלדז נאָך פעסטער. דער הונט פאַלט פון די פיס, און דער היצעל שלעפּט אים איבערן שטיינערנעם ברוק. און פּלוצלונג כאַפּט איינער פון די נאָכלויפנדיקע יונגען אַ שטיין און גיט אַ וואָרף אין דעם, אויפן ברוק זיך שלעפּנדיקן הונט. די רעשט יונגען, גלייך זיי וואָלטן ערשט איצט געפאַלן אויף אָט דער המצאה, הייבן אַלע אויף שטיינער און מיט באַנומענע קולות, גלייך זיי וואָלטן שיכור געוואָרן פון בלוט, נעמען זיי וואַרפן שטיינער אין דעם קוים נאָך זשיפּנדיקן באַשעפעניש. ער שטייט און ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, טרערן פאַרפלאָנטערן זיך צעווישן די ברעמען, און דעם הונטס פייכטע אויגן קוקן אויף אים אַזוי דורכדרינגלעך, און מיט אַ פאָרוואורף גלייך זיי וואָלטן געזאָגט: זעסט, זיי האָבן מיך פאַרפייניקט, און מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָב איך נאָך געלעבט, אַ פרייער, אַ געזונטער און אַ שטאַרקער. פאַרוואָס האָבן זיי מיך פאַרפייניקט, פאַרוואָס? דער היצעל האָט זיך פאַרנומען צו דער בריק און ער איז געבליבן שטיין ביים ראָג, לעבן משה קאַשעמאַכערס הויז. די פיס זיינען ביי אים ווי געליימט פון גרויס אויפרעגונג און האַרצ־קלעמעניש. מיטאַמאָל קומט אָן רבקהלע. זי נעמט אים אָן ביי דער האַנט. קום יאָסקע. ער וויל אָנהייבן איר דערציילן פון דעם וואָס עס איז איצט געשען, נאָר זי לייגט אַרויף איר וואַרעם הענטל אויף זיינע ליפּן: איך ווייס אַלץ, יאסקע, איך האָב אַלץ געזען. זי ווישט די טרערן פון זיינע אויגן, אירע זיידענע האָר קילן אַזוי מחיהדיק זיין צעהיצט פּנים; און זי שעפּטשעט אים שטיל אין סאַמע אויער אַריין: קום, יאסקעלע, קום, מיין טייערער, גיכער לאָמיר אַוועק גיין פון דאַנען, גיכער.

מיט אַן אומגעהויערע שנעלקייט נעמען זיי זיך טראָגן ערגעץ ווייט, ווייט. זיי לויפן אַזוי גיך, אַז די טריט רירן כמעט נישט אָן די ערד, און זיי הייבן זיך אַלץ העכער און העכער, באַלד ווען זיי דערגרייכן און צוקומען צו דעם אָרט, וואו דער הימל קושט זיך מיט דער ערד און וואו די ביימער טונקען זייערע באַצווייגטע קעפּ אין דער בלאָקייט פון די הימלען . . .

און מיטאַמאָל גייט ער גאָר אין מאַרק. ווידער איז אַ זומער טאָג.

די זון העגגט פונקט אין סאַמע מיט הימל און שיט מיט פייער. דער מאַרק איז כמעט אינגאַנצן לײדיק. אַן איינאונאיינציק פאַריתומט פויעריש פורל שטייט לעבן ברונעם. די הייזלעך דרימלען ווי פאַרחלשט אין דער נאָכ־מיטאָג היץ. אויף דער שוועל פון אַ געוועלבל זיצט אַ יידענע און שטריקט אַ זאָק. פּלוצלונג נעמט מען לויפן פון אַלע זייטן צו דער גרויסער פיר־עקיקער מויער, וואָס שטייט אין מיטן מאַרק. ער לויפט גלייך מיט אַלע און ער דערוויסט זיך, אַז הערש פישמאַנס אײדעם האָט זיך אויפגעהאַנ־גען. ער שטופּט זיך צו צו דעם קעמערל, וואו דער געהאַנגענער ליגט. ער זעט א פּנים וואָס איז אינגאַנצן בלוי ווי אַ מילך, די אויגן אויפגעריי־סענע, אויסגעגלאַצטע, גלייך זיי וואָלטן זיך פאַר עפּעס דערשראָקן און ווילן אַרויסשפּרינגען פון די לעכער. און מיטאַמאָל, גאָט אין הימל, עס איז דאָך גאָרנישט הערש פישמאַנס אײדעם. עס איז דאָך גאָר מאָניש. און אַ מאָדנע זאַך: אַלע שרייען אַז הערש פישמאַנס אײדעם האָט זיך אויפגעהאַנגען, און דאָ ליגט גאָר מאָניש. און כאָטש עס איז אין חלום, געדענקט ער גוט די מעשה מיט הערש פישמאַנס אײדעם, ווי אַזוי יע־נער האָט זיך אַרומגעדרייט נישט מער ווי אַ האַלב יאָר אין שטאָט, אַ בלייכער יונגערמאַן מיט צוויי בלאָע פאַרחלומטע און ווי אין נעפּל איינ־געהילטע אויגן. זעלטן אַז ער האָט מיט וועמען אַ וואָרט אויסגערעדט. און פּונקט אַזוי ווי ער האָט געלעבט אַ פרעמדער און אָפּגעזונדערטער, אַזוי איז אויך זיין טויט געווען אַ פּלוצימדיקער און אומגערעכטער. און דאָך איז דער טויטער נישט קיין אַנדערער, נאָר טאַקע מאָניש.

דער קאָפּ ווערט אים שיעור צעשפּרונגען פון ווייטיק און בשום אופן קאָן ער נישט צענויפנעמען דעם געדאַנק און, כדי איינמאָל פאַר אַלע מאָל צו וויסן ווער דער געהאַנגענער איז: הערש פישמאַנס איי־דעם, אָדער מאָניש... און באַלד מישט זיך אַלץ צענויף אין איין מורא־דיקן פּלאָנטער: מאָניש, הערש פישמאַנס אײדעם, דער הונט מיט די פייכטע פאַרטרערטע און דורכדרינגלעכע אויגן, דער היצל מיט דעם רציחה אָנגעגאָסענעם פּנים, אַלץ דרייט זיך אַזוי שנעל אין קאָפּ־שווינד־לערישן ראָד, און דער קאָפּ טוט אַזוי וויי און איז אַזוי שווער, ווי אָנגע־גאָסן מיט בליי . . .

און פּלוצלונג האָט אַלץ אַרום גענומען אויסוואַקסן און אָננעמען שרעקלעך ריזיקע גרויסע געשטאַלטן. די ווענט פון שטוב האָבן זיך

גענומען פאַנאַנדערדרוקן און מיט יעדער רגע אַלץ ווייטער און ווייטער. אויף דאָס בעט אין וועלכן ער ליגט, נעמט זיך פונאַנדערשפרייטן און ער אַליין ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער אַיינגעשרומפּן. די הענט, די פיס זיינען אַזוי קליין, אַז ער קאָן זיי אַזש נישט געפינען. און ער אַליין איז נישט מער ווי אַ קליינינקער טל -ומטר פינטעלע אין דער אַרומיקער שרעקלעכער פוסטקייט. באַלד וועט ער אינגאַנצן פאַרשווינדן און אויסגערונען ווערן אין דעם גרויסן ליידיקן אַרום...

פלוצלונג דערפילט ער ווי ער הייבט זיך אויף אין דער לופט וואָס אַמאָל אַלץ העכער און העכער. ער פילט שוין גאָרנישט קיין שום באָדן אונטער זיך. אַ טעמפּע שרעק גיט אַ קלאַפּ אין קאָפּ: אָט, אָט וועט ער געבן אַ פאַל אַראָפּ פון דער מוראדיקער הויך און צעשיט ווערן אויף פיצלעך. ער גיט אַ געשריי און כאַפּט זיך אויף.

## קאַפּיטל 6.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער זיך נישט געפּילט מיט אַלעמען. אויך די מאַמע האָט אים ניט געלאָזט זיך אָנטאָן, און ווען צומאָרגנס, אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, איז אַריינגעקומען שלום, האָט זיך יאסקע שטאַרק דערפרייט מיט אים. נו, יאָסקע, וועסט זיך נישט אָנטאָן, אינדרויסן איז אַזאַ שיינער טאָג, וואָס וועסטו ליגן אין בעט? ער האָט זיך אָנגעטאָן. זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, איבערנאַכט איז געפאַלן אַ שניי און אַלץ אָפּגעפּאַרבט בלענדנדיק ווייס. אַ לייכט פרעסטל האָט פאַרהאַרטעוועט דעם שניי און אים געמאַכט דויער־האַפטיק. דער הימל איז געווען העל בלאָ, די זון האָט געשיינט און באַ־גלאַנצט די ווייסקייט פון שניי, וועלכער האָט איצט געבלישטשעט און געבלענדט די אויגן.

יאסקע האָט אויסגעווישט די אויגן, וועלכע זיינען אים איבערגע־גאַנגען און פאַרטרערט געוואָרן פון דער בלישטשענדיקער ווייסקייט, וואָס האָט אים אַ שלאָג געטאָן. עס איז געווען דער ערשטער שיינער און הע־לער ווינטער טאָג, וואָס האָט אַלעמען ווי אָפּגעפרישט נאָך די לאַנגע וואָכן פון רעגנס און בלאָטע. די הייזלעך, ווייס־באַפּוצטע, האָבן אויסגע־זען ווי אָפּגעפרישטע. זעלנער באַוואָפנטע מיט ביקסן אויף די אַקסלען און שפּיציקע העלמען אויף די קעפּ, האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. אונטער זייערע געקאָוועטע שטיוול האָט דער שניי אַזוי פרייליך געסקריפּעט. אַלע ווייַלע האָבן זיי זיך אומגעקוקט, און אַז זיי האָבן נאָר דערזען אַ יידענע אין אַ פאַרסאַרגעט קלייד, אָדער אַ ייד אין אַ פאַר־שמאָלצענעם פּאַלטאָן, האָבן זיי זיך תיכף געלאָזט אין גאַלאָפּ און זיי גע־פירט אין באָד אַריין.

גייט זיך אַזוי איבער דער גאַס מיט גיכע טריט דינהלע גדליהס, אַ יידענע פון אַ יאָר 60. דאָס לאַנגע קלייד מיט דער פֿאַרטריקנטער בלאָטע קלאַפּט איר איבער די פיס, זי וויגט זיך אינדערברייט אַהין און צוריק און מורמעלט עפּעס אין זיך אַריין. פּלוצלונג, האַלט! זי קוקט זיך אום, און דערזעענדיק די מלאכי חבלה, הייבט זי אָן אַנטלויפן. דער זעלנער איז ניט פויל און נעמט זי נאָכיאָגן. „שמע ישראל", שרייט דינהלע, אָבער דער דייטש האַלט זי שוין פעסט אונטערן אָרעם. די קופּקע האָט זיך ביי איר אַרויפגערוקט, און אַ געגאָלטער קאָפּ גלאַנצט אונטער דער זון.

אָט גייט דער אַלטער יצחק לייבישעס, אַ ייד אַ הויכער מיט אַ ווייסער באָרד און צוויי בייזע אויגן וואָס שיקן אַזעלכע העפטיקע בליקן פון אונטער געדיכטע ברעמען. זיין פּאַלטאָן גלאַנצט און איז האַרט ווי לעדער און פון ווייט טראָגט זיך פון אים אַ ריח פון הערינג, מיט וואָס ער האַנדלט. מען נעמט אים אויך. אַלע צענויפגענומענע פירט מען אַריין אין אַ הויז. און אַז עס זאַמלט זיך אָן אַ פּאַרטיע, פירט מען זיי אַלע אין באָד אַריין.

יאסקע האָט פאַרגעסן אַלע שווערע חלומות. דער פריש־ווייסער שניי, די פראַסטיקע זון, אַלץ האָט אַזוי מחיהדיק געגלעט און געמאַכט פאַרגעסן, אַז מאַניש האַלט ביים שטאַרבן. די נעכטיקע שווערע קאָשמאַרן זיינען פאַרשוואונדן און עס איז איצט אַזוי לייכט און גוט געווען צו שפּאַצירן איבער די גאַסן און זיך צוקוקן צום פריילעכן בילד ווי די דייטשן כאַפּן אין באָד אַריין.

„ווייסטו וואָס, יאסקע — האָט זיך שלום אָנגערופן — לאָמיר אַריי־בערגיין צו משהלען, שוין עטלעכע טעג אַז איך האָב אים נישט געזען. ווער ווייסט צי ער איז נישט אַמאָל קראַנק. דו ווייסט דאָך, ער איז שטענ־דיק אַזאַ שוואַכער און אָפּגעצערטער".

„לאָמיר טאָקע צוגיין — האָט יאָסקע געענטפערט — אמת טאָקע, איך האָב אים שוין לאַנג ניט געזען".

„דו ווייסט, יאסקע — האָט שלום געזאָגט — מיין טאַטע דערציילט, אַז משהלע איז געבליבן דער איינציקער פון פיר קינדער. זיין טאַטע איז געשטאָרבן זייער יונג, אינגאַנצן איז ער אַלט געווען עטלעכע און דריי־סיק יאָר. זייער גאַנצע משפחה שטאַרבט יונגערהייט.

אַ ווײַלע זיינען זייביידע געגאַנגען שטיל, גלייך ווי דער שאָטן פון

טויט וואָלט אַ פּאַך געטאָן איבער זיי מיט זיינע שוואַרצע פליגל. יאסקע האָט איבערגעריסן די שטילקייט: — ווייסט שלום, דאָס מוז זיין כרת.

„אָבער משהלעס טאַטע איז דאָך געווען אַ פרומער ייד" — האָט שלום זיך אָפּגערופן.

„דאָס איז גאָרנישט קיין ראיה — האָט שלום געענטפערט — כרת קאָן זיך ציען ביזן צענטן דור. אפשר האָט זיך ווער פון זייער משפחה פאַרזינדיקט מיט אַ שווערער עבירה און דער עונש געדויערט נאָך".

אַזוי זיינען זיי דורכגעגאַנגען די לאַנגע גאַס, זיך פאַרנומען אויף רעכטס און זיי זיינען צוגעקומען צו אַ גרין־געפאַרבט הויז מיט אַ גלעז־זערנער וואַרענדע, וועלכע איז געווען כמעט אינגאַנצן פאַרשטעלט מיט ביימער. דאָ האָט געוואוינט משהלע מיט זיין מאַמען.

שרהלע כאַנטשעס איז אַ פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, און אויסזען זעט זי אויס אַסך יינגער ווי זי איז אין אמתן. דאָס פנים, פונדערווייטנס, איז נאָך כמעט פריש, נאָר אַז מען קוקט זיך צו נעענ־טער, זעט מען ווי ביי ביידע מויל־ווינקלען ציען זיך צוויי טיפע קנייטשן וואָס שנורעווען צענויף די באַקן מיט דער גאָמבע און ציען זיך ווייטער ביז טיף אין האַלדז אַריין. פון אירע אויגן קוקט אַרויס אַ טיפער און אַזאַ שטומער צער. זי רעדט מיט אַ שטיל־הייזעריק קול און נישט גע־קוקט אויף דער שטילקייט און הייזעריקייט, דאַכט זיך, אַז אין די טיפ־קייטן פון איר האַלדז איז די שטימע אַ הויכע און שטאַרקע, נאָר אויפן וועג ווערט עס ווי פאַרשטיקט און עס קומט אַרויס אַזוי דין און הייזעריק.

שרהלע כאַנטשעס איז שוין אַן אלמנה זייט פערצן יאָר. ווען דער מאַן אירער איז געשטאָרבן פון סוכאָטעס, איז זי נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלט געווען. זי איז געבליבן מיט פיר קינדער. דריי פון זיי זיינען געשטאָרבן אין עלטער פון אַכט ביז צען יאָר. און געבליבן איז בלויז משהלע, דער יינגסטער, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט שוין נאָכן פאָטערס טויט. שרהלע אַליין האָט געשטאַמט פון אַ געזונטער משפּחה. אירע ברידער וואוינען אין דער זעלבער שטאָט און אַלע זיינען זיי גע־זונטע און פולבלוטיקע יידן. זי האָט זיך אָנגעשטעקט פון מאַן און איז פאַרבליבן אַ קראַנקע אויפן האַלדז.

משהלע איז געווען אַ נידריק יינגל מיט אַ קיילעכדיק דיק פנים און אויבנאויפיק האָט ער אויסגעזען אַ געזונט יינגל. עס איז אָבער גע־

נוג געווען צו וואַרפן אויף אים אַ נענטערן בליק, כדי זיך איבערצוצייגן, אַז דאָס יינגל איז נישט קיין געזונטער ווי עס ווייזט זיך אויס אויפן ערשטן קוק. די פאַרב פון זיינע באַקן איז נישט געווען קיין געזונטע. די רויטקייט האָט נישט אַרומגענומען דאָס גאַנצע פּנים, נאָר בלויז שטיק־לעך באַקן, אַרויפצו, ביי די אויגן. די פולקייט פון פּנים האָט אויסגעזען ווי אָנגעגאָסן. און געדאַכט האָט זיך: עס איז גענוג בלויז צוצולייגן אַ פינגער און אַ לייכטן שטויס טאָן. און די פולקייט וועט איינגעזונקען ווערן און פאַרשווינדן.

זיין מאַמע האָט געוואוסט, אַז איר איינציק לעבן־געבליבן קינד, טראָגט אויך אין זיך אָט די פאַרשאָלטענע ירושה־קרענק, פונדעסטוועגן האָט טיף אין האַרץ געטליעט אַ האָפנונג: אפשר וועט דער טאַטע אין הימל זיך מרחם זיין. האָט ער דאָך שוין דערצויגן ביז פערצן יאָר. און אפשר וועט זיין ליבער נאָמען פאָרט מיט איר טאָן דעם חסד און נישט צונעמען איר איינציקע טרייסט און האָפנונג אין איר צעוויטיקט און צעבראָכן לעבן. האָט זי טאָג און נאַכט געפלאַטערט איבער אים. צען מאָל איבערן טאָג געקומען אין חדר וואו איר משהלע האָט געלערנט, אַ קוק טאָן וואָס ער מאַכט. און די יינגלעך, מיט וועלכע ער האָט געלערנט צו־זאַמען, האָט זי געהאַלטן אין איין בעטן מען זאָל, חלילה, נישט טשעפּען איר משהלען. און איר הייזעריק קול וואָס האָט זיך ווי געריסן פון ערגעץ טיף, האָט דערגרייכט די יינגלעכס הערצער און קיינער האָט נישט גע־טשעפּעט משהלען, אדרבא, אַלע האָבן זיך באַמיט צו זיין מיט אים וואָס פריינטלעכער. איז דעריבער משהלע אויפגעוואָקסן אַ ווייכער, און אַ צעפּיעשטשעטער.

מיט יאסקען איז משהלע געווען שטאַרק באַפריינדעט. יאסקע איז געווען אַ געזונט און שטאַרק יינגל. אַרויפכאַפּן זיך אויף אַ פּלויט און געבן אַ שפּרונג אַראָפּ, איז ביי אים געווען פון די קלייניקייטן. און משהלע האָט אַזש פאַרמאַכט די אויגן פון גרויס שרעק, ווען ער פלעגט פונקט זיין ביי אַזאַ שפּיל. אָדער גאָר זומער ביים טייך, ווען מען איז זיך גע־גאַנגען באָדן. משהלע האָט זיך נישט געטאָרט באָדן, פלעגט ער זיצן אויפן גראָז און וואַרטן. און אַז יאסקע איז געגעבן אַ שפּרונג אַריין אין וואַסער און זיך אַוועקגעלאָזט שווימען, האָט משהלע אַזש געוויינט פון עגמת נפש. „יאסקע, גיי שוין צוריק״, האָט ער זיך ביי אים געבעטן. און

ווען יאסקע איז ענדלעך אַרויסגעקומען פון וואַסער, פלעגן משהלעס אויגן אויפלויכטן פון פרייד וואָס ער האָט אים צוריק אַ גאַנצן און געזונטן. זייער פריינטשאַפט איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן פון אַ געוויסן טאָג אָן.

געשען איז דעמאָלס אַזאַ זאַך, פון וואָס יאסקע אַליין האָט זיך שפּעטער נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין רעכענונג ווי אַזוי דאָס איז געשען. פאָרגעקומען איז אָט די זאַך נאָך פאַר דער מלחמה. יאסקע איז דעמאָלס אַלט געווען עלף יאָר און געלערנט האָט ער אין דער ישיבה, וואָס עטלעכע בעלי הבתים האָבן געגרינדעט. מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ פרעמדן ראש ישיבה, עפּעס גאָר אַ שם דבר און א למדן. געלערנט האָבן אין אָט־דער ישיבה די רייכסטע ייִנגלעך פון שטאָט און דורך פּראָטעקציע אויך עטלעכע פון תלמוד תורה וואָס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט אַ גוטן ווילן און התמדה. דער ראש ישיבה איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייד מיט געקרייזלטע פיאות וואָס האָבן זיך געבאָמבלט ביי די באַקן פונקט ווי ספּרונזשינעס. די אויגן, גראָע און כיטרע, האָבן שטענדיג געהאָגלט מיט כעס צו די ייִנגלעך, זיינע תלמידים, גלייך זיי וואָלטן אים געווען די גרעסטע שונאים. זיין דיבור איז געווען אַ גיכער און אַיילנדיקער, גלייך ער וואָלט געשלונגען די ווערטער.

די ייִנגלעך, זיינע תלמידים, פלעגט ער ממש פייניקן און זיי רופן מיט מאָדנע צונעמען. יאסקען האָט ער גערופן: „גראָבער פליסאַק". אַ צייט לאַנג האָט יאסקע נישט געוואוסט דעם טייטש פון אָט דעם וואָרט. שפּעטער איז ער געוואָר געוואָרן, אַז פליסאַקעס רופט מען די גויים וועלכע אַרבעטן ביי דער ווייסל.

איינמאָל ווידער איז אַריינגעקומען אין דער ישיבה אַ פרעמד ייִנגל, וועלכער איז געווען אַ דיקער און קיילעכדיקער. דערזעט אים דער ראש ישיבה און גיט זיך אַ פרעג: „ווער איז עס אָט דער אגיל ואשמח?" און פאַרטייטשט באַלד: קיילעכדיק און שפּיציק.

אַלע ייִנגלעך האָבן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ הילכיק געלעכטער און דאָס פרעמדע ייִנגל איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק. טרערן זיינען אים געקומען אין די אויגן און ער האָט קוים געפונען די טיר.

זיצט מען אַזוי איינמאָל ביים פאַרנאַכטיקן שיעור, דער ראש ישיבה גיט אַ גיי צו צו משהלען און הייבט אים אָן עפּעס פרעגן. משהלע נעמט

פלאָנטערן מיטן צונג, די באַקן הייבן אָן צו פלאַמען, באַלד ווערט ער בלייך. אין איין מינוט מינען זיך פאַרשידענע קאָלירן איבער זיין פנים, די אויגן ווערן פייכט, דאָס קול קומט שוין אַרויס פאַרדומפּן, גלייך עס וואָלט אים עפּעס געשטיקט אין האַלדז. און וואָס מער דער יינגל פלאָנ־טערט זיך, אַלץ מער צינדן זיך דעם מלמד׳ס גראָע אויגן מיט אַזאַ בייז שאדן פלעמל, פון צווישן די ציין גיט ער אַ צישע אַרויס: „ג אָ י ע ך !״. מיט אַ פּאַמעלעכע באַוועגונג נעמט ער אויפהייבן די האַנט, נאָך איין מי־נוט און ער וועט אַ פּאַטש טאָן דאָס צעשראָקענע יינגל. און מיטאַמאָל געשעט עפּעס אַן אומגלויבלעכע זאַך: פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער באַנק שפּרינגט אפער יאָסקע, שוין שטייט ער צעווישן דעם מלמד און משהלען, אַ שטאַרקער שטויס פון יאסקעס פלינקן קערפּער און שוין ליגט דער ראש ישיבה מיט די פּלייצעס אויפן אַנטקעגנאיבערדיקן טיש.

דאָס בלוט אין די אָדערן איז אַלעמען פאַרגליווערט געוואָרן. די הערצער זיינען אויף אַ רגע שטיין געבליבן. און אויגן שטאַרע, ווי פאַר־גליווערטע, האָבן געקוקט מיט שרעק און געוואַרט וואָס דאָ וועט זיין. נאָר איידער וואָס און ווען, האָט יאסקע אַ נעם געטאָן משהלען ביי דער האַנט און ביידע זיינען אַרויסגעגאַנגען.

אָן אַ שיעור טענות און מוסר־רייד איז יאסקע דעמאָלט אויסגע־שטאַנען. „לא עלינו״, האָט ר׳ שמואל געקנייטשט דעם הדרת פּנימדיקן שטערן, „עפּעס אַ פּראָסטער גוי וואַקסט דאָס. אומעטום מישט ער זיך אַריין, קהל׳ס פאַרזאָרגער״. און די מאַמע האָט געשריגן: „אודאי, אַז מען חברט זיך מיט שלמה גזלנס יונגען, מיט בערעלע שקראַפּ. באַלד וועט ער אויך די שויבן אויסהאַקן אין חדר״.

יאסקע האָט פאַרביסן די ליפּן, און ווען דער טאַטע האָט נאָך אַלץ געטענהט: „אדרבא, זאָג מיר וואָס וועט זיין דער תכלית?״ האָט ער מיט אַ שטיל אָבער פעסט און אַנטשלאָסן קול געענטפערט: „איך וועל מער אין דער ישיבה נישט גיין.״ פון דעמאָלס אָן האָט זיך משהלע נאָך מער צוגעבונדן צו אים.

אויך יאסקע האָט ליב געקראָגן דאָס שוואַכע און שווינדזיכטיקע יינגל, וועלכער האָט זיך מיט אַזוי פיל צוטרוי אָנגעלעגט אויף אים, דעם שטאַרקערן.

אין קיך האָט זיי געטראָפן משהלעס מאַמע. די קנייטשן ביי די

מויל־ווינקלען זיינען איצט געווען ברייטער און טיפער. די אויגן איינ־געזונקענע האָבן געקוקט מיט שטומען צער. זי האָט זיך דערפרייט מיט זייער קומען: גייט אַריין, קינדער, האַרציקע, משהלע איז עפּעס נישט געזונט, שוין עטלעכע טעג און כסדר האַלט ער אין איין פרעגן, פאַר וואָס מען זעט אייך נישט.

זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַ ליכטיקן צימער. פאַרשנייטע צווייגן פון די ביימער הינטערן פענצטער האָבן אַריינגעקוקט דורך די שויבן. אויף אַ בעט לעבן פענצטער איז געלעגן משהלע, די באַקן האָבן געגליט און ביי זייער אַריינקומען האָבן זיינע בלאָע אויגן זיך אָנגעצונדן מיט אַ ליכטיק פריידיק פייערל. ער האָט זיי געבעטן זיצן.

„ווייסט, יאסקע — האָט זיך זיין פּנים מיטאַמאָל פאַרצויגן מיט טרויער — ווייסט, עס האָט מיך שוין גוט פאַרדראָסן אויף דיר. איך ליג שוין דעם דריטן טאָג און דיך זעט מען נישט אַפילו אויף קיין רפואה״— האָט ער מיט ווייַנענדיק קול געזאָגט.

„אַז איך האָב אינגאַנצן נישט געוואוסט אַז דו ביסט נישט געזונט, און ווען נישט שלום, וואָלט איך היינט אויך נישט געוואוסט, און באַ־זונדער, בין איך אַליין אויך נישט געווען מיט אַלעמען״ — האָט יאסקע זיך פאַרענטפערט.

„וואָס איז דיר געווען, יאסקע?״ — האָט זיך משהלע דערשראָקן און מיטאַמאָל פאַרגעסן אַלע זיינע טענות און פרעטענזיעס.

„גאָר נישט, — האָט יאסקע געענטפערט, — איך בין עפּעס נישט געזונט געווען אַ טאָג״.

„אָבער ביסט שוין אינגאַנצן געזונט?״ — האָט ער זיך נאָך אַלץ באַאומרואיקט.

„אַז עס איז מיר גאָר נישט געווען. איך האָב אַ הוסט געגעבן, האָט מיך די מאַמע נישט געלאָזט אָנטאָן.

„און דיר וואָס איז, משהלע?״

„אויך גאָרנישט — האָט ער געשמייכלט — עפּעס האָב איך געגעבן אַ הוסט, און דו ווייסט דאָך, מיין מאַמע, אַ לאַדע וואָס מיינט זי מי יודע וואָס. ליג איך שוין אַזוי דעם דריטן טאָג און ווער שיעור נישט משוגע פון לאַנגווייל. אין דרויסן איז אַזוי שיין, עס וועט שוין באַלד זיין אַ גליטש, און איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיך גליטשן. ווייסט וואָס, יאסקע?—

האָבן ביי משהלען מיטאַמאָל אָנגעהויבן גלאַנצן די אויגן—ווייסט וואָס? אַזוי ווי איך הייב זיך נאָר אויף, וועל איך מיר קויפן אַ פּאָר לייזשוועס און דו וועסט מיך לערנען גליטשן".

„פאַר וואָס נישט?" — האָט יאסקע געענטפערט.

„און ווייסט עטץ וואָס נאָך? — האָט ער ווייטער גערעדט — מיין קוזינקע, מאַשעלע מניחהס, האָט מיר געברענגט אַ ביכל, גראַף מאָנטע קריסטאָ. זאָג איך אייך, עפעס גאָר אַ וואונדערלעכע זאַך. זאָגט זי מיר: זעסט, משהלע, לערן דיך אויס לייענען פּויליש, וועסטו שוין איינמאָל האָבן וואָס צו לייענען. איז אַזוי ווי איך וועל זיך נאָר אויפהייבן פון בעט, וועל איך אָנהייבן נעמען לעקציעס ביים לערער שאַפּירא. און אפשר וואָלטן מיר אַלע דריי אָנגעהייבן זיך לערנען צוזאַמען, באַשטייסט יאסקע? באַשטייסט שלום?" האָבן די אויגן זיינע אָנגעהייבן פינקלען.

אודאי האָבן ביידע מיטאַמאָל מסכים געווען, עס איז טאַקע אַ גלייכער געדאַנק, און פאַרוואָס זאָלן מיר זיך ניט לערנען אויך דייטש?

און פּלוצלונג האָט זיך משהלע פאַרהוסט, צום ערשט לייכט, און וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער. דאָס פּנים איז געוואָרן בלאָ. די אויגן האָבן זיך ווי געריסן פון די לעכער אַרויס. שרהלע איז געקומען אַריינצעלויפן און אים געגעבן וואַסער אויסגעמישט מיט קראפּלעס. ער האָט זיך באַרואיקט. אַ ווײַלע איז ער געלעגן שטיל, און ווען די מוטער איז אַרויס־געגאַנגען, האָט ער זיך אָנגערופן: „ווייסט, יאסקע, טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז שוין, עס איז שוין דער סוף און איך וועל שוין מער נישט אויפ־שטיין. די נאַכט האָב איך געזען דעם טאַטן אין חלום. ער האָט מיך ארומגענומען, מיך געקושט און געזאָגט: באַלד, קינד מיינס, וועלן מיר זיין צוזאַמען. איך האָב דער מאַמען גאָרנישט געזאָגט, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אויך זי ווייסט דערפון".

יאסקע האָט דערפילט ווי טרערן שטיקן אים אין האַלז, שטופּן זיך אַרויף אַלץ העכער און דערגרייכן שוין די אויגן. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך אײַנגעהאַלטן זיך נישט צו צעוויינען און געזאָגט: „איי, נאַר וואָס דו ביסט, מאַלע אַז מען פאַרהוסט זיך אַמאָל, וועסט זען, דו וועסט אויפ־שטיין, מיר וועלן זיך ביידע גליטשן, און זומער וועסטו זיך באָדן. איך וועל דיך אויסלערנען שווימען. און אויב מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג, וועסטו זיך אָנטאָן".

דער טאָג האָט זיך פאַרנומען צום אונטערגיין. פון די פאַרשנייטע צווייגן האָבן פלאַמענדיקע שטיקער זון באַפאַרבט די שויבן אויף רויט. אויף די געלקייט פון משהלעס פנים האָט זיך געריוויטלט אין פאַרנאַכטי־קער שקיעה. זיי האָבן זיך געזעגנט, צוגעזאָגט מאָרגן ווידער קומען און זיינען אַהיימגעגאַנגען.

ווען זיי זיינען שוין געווען אין דרויסן, האָט שלום זיך אָנגערופן: ווער ווייסט וואָס מיט משהלען וועט זיין. מיין מאַמע זאָגט, אַז ביי אַזעלכע געשעט עס איינס און צוויי. יאסקע האָט געאָרנישט געענטפערט, ער האָט געשפרייזט ביי דער זייט פון זיין חבר אַ שווייגנדיקער און טרויעריקער. עס איז אים געווען אַזוי שווער, אין האַלדז האָבן טרערן געשטיקט, זיך געשפאַרט אַלץ העכער און העכער, און דערגרייכט די אויגן, און זיך געקייקלט איבער די באַקן אין ווייסן שניי אַריין.

## קאַפּיטל 7.

די שטאָט האָט זיך טאַקע נישט געגאַרט מיטן אויסקלייבן ר׳ שמואלן פאַרן ערשטן ראטמאַן. נישט בחנם האָט לייבעלע גאָלדבערג מיט אַזאַ היץ פאַרזיכערט, אַז ר׳ שמואל איז דער שענסטער שפּיגל אונ־דזערער.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז די אָרעמע לייט פון שטאָט האָבן זיך באַ־דאַרפן באַגרעניצן און זיך שפּיגלען בלויז אין ר׳ שמואלן. חס וחלילה, עס זיינען געווען גאָט צו דאַנקען נאָך שפּיגלען. אמת, קלענערע און נישט אַזעלכע געשליפענע ווי אַ ר׳ שמואל, אָבער פאָרט יידן מיט אַ גלאַנץ.

חוץ ר׳ שמואלן, האָט מען נאָך אויסגעקליבן ר׳ שלמה ראזמאַן, אַ הדרת־פּנימדיקער ייד מיט אַ קיילכיק בייכל. אַ שוואַרצע, מיט זילבערנע פעדים באַצירטע באָרד האָט באַשיינט זיין דיקלעך, מיט בלוט־שפּריצנ־דיק פּנים. ר׳ שלמה איז אַ ייד אַ חסיד און שיינער באַלעבאָס. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ מעקלער ביי פּריצים, און היינט? נו, היינט, האָט אים גאָט באַגליקט מיט אַ שוואַרץ אויגיק טעכטערל און מיט אַן אָפּי־צער אַלס לאקאטאָר. צוויי זאַכן, פון וועלכע אַ ייד אַ בר דעת קאָן מיט גאָטס הילף, ציען חיונה. ווייטער זיינען געגאַנגען: האָפּנבערג דער דענ־טיסט, בער שימשונס, גאָלדבערג דאָס אַדוואָקאַטל, און כדי באַלמעלאָ־כעס זאָלן זיך ניט פילן באַעולהט, האָט מען אויך אַריינגענומען אַלטער שוסטער, פונקט ווי מען נוצט אַן ערבה צום לולב, אָדער חלבנה צו קטורת.

אַלטער שוסטער איז אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, וואָס צעלייגט זיך איבער זיין ברוסט מיט צוויי שפּיצן פונקט ווי צוויי האָלאָב־ליעס פון אַ וואָגן. ער האָט שוין אַ חזקה פון כמה יאָרן אויסגעקליבן צו

וערן פון באַלמעלאָכעס און אייביקע יאָרן איז ער דאָזאָר. וואָס אַן אמת, זיינען די רעשט שיינע יידן און קהלשע קאָכלעפל שטאַרק צופרידן מיט אים. ווייל, אַ מענטש איז דאָך פאָרט נישט מער ווי אַ מענטש פון בלוט און פלייש, קיין אַייזערן האַרץ האָט מען נישט. טרעפט זיך אַמאָל: עס קומט אַריין אין דאָזאָר שטיבל אַ דודל זינג מיט טענות, אַז באשר עס איז אים קאַלט, אַז ער האָט נישט מיט וואָס צו הייצן, אַז אַ שטייגער, גלייך עס וואָלט אים ווער שולדיק געווען וואָס ער איז אַן אָרעמאַן. און דודל זינג איז אַ ייד אַ פלאַג, אַז ער טשעפעט זיך צו, איז פונקט ווי אַ סמאָלע. טאָ, ווער זשע וועט אים אָננעמען פאַרן קאָלנער און געבן אַ וואָרף אַרויס? אפשר ר׳ שמואל? אָדער גאָר אַ מאיר דאמב, אַ ברייט פלייציקער ייד מיט אַ געלער באָרד און צוויי הענט לאַנגע ווי די דרעש שטעקנס, וואָס פאַרענדיקן זיך מיט דלאָניעס אַזוי ברייט ווי רידלעס — קומט אַריין צופליען ווי אַ וויכער און נעמט קלאַפן אין טיש אַריין, אַז מען האָט אים געשטעלט צופיל עטאט. ווער וועט זשע האָבן מיט אַזעלכעס צו טאָן? אַז מיט מענטשלעכקייט וועסטו מיט אים גאָרנישט אויפטאָן.

אין אַזעלכע פאַלן נוצט שטאַרק אַלטער שוסטער. אַ דודל זינג נעמט ער פשוט אָן פאַרן קאָלנער, ער פירט אים צו צו דער טיר, און אויב יענער איז אַיינגעשפאַרט, גיט ער אים צו א קלאַפ אין הינטן און פטור אַן עסק. מיט מאיר דאמב גייט עס צו אַביסל אַנדערש. צום ערשט לאָזט ער יענעם אָנרעדן זיך ווי אַ באָנק. און אַז ער ווערט אויף אַ רגע שטיל, גיט זיך אַלטער אַ פרעג: זאָג מיר נאָר, מאיר, ווער האָט מיך אויסגעקליבן פאַר אַ דאָזאָר, האַ? ווער? ענטפער, איך פרעג דאָך דיך. וואָס הייסט ווער עס האָט אַייך אויסגעקליבן? איך ווייס ווער? ענטפערט מאיר דאמב — באַלמעלאָכעס.

— באַלמעלאָכעס, זאָגסטו, און וואָס בין איך, אַ שוסטער צי נישט קיין שוסטער? זיץ איך אויפן שוסטער ביינקל גלייך מיט דיר צי נישט? ווייס איך וואָס איך טו, אָדער ווייס איך נישט?

— אָבער ר׳ אַלטער, פון וואַנען זאָל איך נעמען צען רובל עטאט?— ווערט שוין מאיר דאמב שטיל און מיט אַסך ווייניקער קוראַזש.

— שטיל זאָל זיין! זאָג יעדן, — שרייט אַלטער, — קריגטץ אַ שווע־רע כאָליערע מיטן גאַנצן דאָזעריי, ווערטץ ענק אַליין דאָזערעס, אַ מגפה אַייך אין די העלדזער אַריין, מאַכטץ ענק כעמיעלען פאַרך פאַר דאָזאָר און קריגטץ אַלע אינאיינעם אַ שווערע פאפלעקציע.

אויף אַזעלכע טענות בלייבט מאיר דאמב ווי אַן אָפּגעשמיסענער און האָט גאָרנישט וואָס צו ענטפערן. אַזוי אַרום העלפט אַלטער שו־סטער קהל. געדענקט מען אים טאָקע און מען צאָלט אים אָפּ.

אויך משהלע וויינשטאָק האָט צוגעלייגט אַ האַנט, ער איז געווען סעקרעטאַר. ביי ר׳ שמואלן אין הויז איז געווען די וואַל ביוראָ. משהלע איז געזעסן איבער אַ גאַנצן פּאַק פּאַפּירן, אָדער אַקטן, ווי ער האָט דאָס ליב געהאַט אָנצורופן, דאָס סעגל בערדעלע צעקעמט און צעשפּרייט, עס זאָל האָבן אַ חשובדיקערן אויסזען. אַזוי ווי עס פּלעגט נאָר אַריינ־קומען אַ ייד זיך פאַרשרייבן, האָט ער געגעבן אַ הייב אויף די אויגן פון אונטער די ברילן אַפּער, צוזאַמען מיט די אויגן האָט זיך אויך דאָס בערדעלע געשטעלט דיבאָם, און ער האָט אַ פרעג געטאָן: נאָמען, צו־נאָמען? עלטער?

פאַרצייכנט, „אַלזאָ, געדענקען זי, נומער זעקס, מער גאָר נישט, דאַנקע שיין".

מען קאָן נישט זאָגן אַז משהלע איז געווען אינגאַנצן צופרידן פון זיין אַמט אַלס סעקרעטאַר, ווייל אין אמתן, איז ער דען נישט ראוי גע־ווען צו זיין ראטמאַן אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע? האַלט ער דען נישט אַ פּענע אין האַנט אַזוי גוט ווי אַלטער שוסטער? נאָר דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס ער איז נאָך אַ בחור און איז נאָך נישט אַלט קיין דרייסיג יאָר. אַ חתן איז ער שוין יאָ. ר׳ שמואל אַליין איז מיט אים מיטגעפּאָרן צו די תנאים. און ווי גליקלעך ער איז דעמאָלט געווען. אמת, דאָס גליק איז אים אָנגעקומען מיט גרינע ווערים און קופּערנע פּיסקלעך, ר׳ שמואל האָט זיך געפּיעשטשעט: ער איז אַ שוואַכער מענטש, ער ווייסט נישט צי עס וועט זיין שיין אינדרויסן. אָבער עס האָט זיך געלוינט. ער איז געזעסן ביי די תנאים און אַלע ווײלע געכאַפּט אַ בליק צו ר׳ שמואלן, אויף זיין הדרת־פּנימדיקן שטערן, אויף זיין באָרד, וואָס האָט זיך אַזוי מאַיע־סטעטיש צעשפּרייט איבער דער ברוסט. און געפילט האָט זיך דעמאָלט משהלע פונקט ווי אַ בלום נאָך אַ זומערדיקן רעגן, וואָס אַ יונגע זון באַ־שיינט איר פּייכט קעפּל.

האָט ער איצט אויסגעפירט די אַרבעט פון אַ סעקרעטאַר און גע־האָפט: ביי די שפּעטערדיקע וואַלן, וועט ער שוין זיין אַ סאַמאָראָדנער ראטמאַן.

תיכף נאָך די וואַלן, האָט לייבאלע גאָלדבערג געמאַכט אַ קיך וואו

מען האָט געטיילט זופּן. צוגעהאָלפן האָט אים אַ קאָמיטעט פון יוגנט פונם ציוניסטישן פאַראיין. ר׳ יעקב שאַרפמעסערס יינגסטער זינדל, אַ יינגל פון אַ יאָר צוואַנציק מיט רויטע בעקלעך, מיט אַ פּאָר בינאָקלען און אַ גאָלדן שנירעלע איבערן אויער, האָט אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמ־לונג פאַר דאַמען אין ציוניסטישן פאַראיין, אויף וועלכע עס זיינען גע־קומען די שענסטע סמעטענע פון שטאָט, ווי: מאַדאַם סאַבינאַ, ר׳ שלמה ראזמאנס שווארצאויגיקע טעכטערל, האָפּנבערגס ווייב, און ר׳ שמואלס טעכטער, געהאַלטען אַ פייערדיקע רעדע וועגן דער נויט וואָס הערשט אין שטאָט: „איך אַפּעליר צו די אײדעלע געפילן פון די פרויען הער־צער, זיי זאָלן זיך פאַרשרייבן אין קאָמיטעט און העלפן זאָט מאַכן די הונגעריקע״ — האָט ער פאַרענדיקט זיין רעדע. אַ ווײלע איז ער נאָך גע־שטאַנען, די רעכטע האַנט אויפן האַרץ, דאָס פּנים פאַרפּלאָמט, גלייך ער וואָלט געוואַרט אויפן אײַנדרוק, וואָס זיין רעדע האָט געמאַכט.

און ער האָט זיך דערוואַרט. באַלד איז צוגעקומען כּיל הערשעלס ווייב, אַ נידעריקע, פּוכקע ווײַבעלע מיט צוויי גלאַנציקע אייגעלעך, וועמענס קוזינען עס זיינען אַלע פרעמדע יונגעלייט, וועלכע קומען צוגאַסט אין שטעטל. זי איז צוגעקומען, אַ ווײלע אים אָנגעקוקט מיט גליענדיקע אויגן און געזאָגט: „האָט איר היינט גערעדט, פאַניע שאַרפמעסער, טרערן זיינען מיר געשטאַנען אין די אויגן. איך גראַטוליר אײַך״ — האָט זי אים דערלאַנגט אַ ווייך און וואַרעם הענטל, וואָס ער האָט מיט גאַלאַנטקייט צוגעטראָגן צו די ליפּן.

— מיין האַרציקסטן דאַנק אײַך, גנעדיקע מאַדאַם, — האָט דאָס בחורל זיך געשמאָלצן.

און באַלד זיינען אַלע אײדעלע פרויען הערצער ווייך און צעשמאָלצן געוואָרן פּונקט ווי שניי אונטער דער זון, אָדער ווי שמאַלץ אויף אַ היי־סער פאַטעלנע און איינע נאָך דער אַנדערער, האָבן זיי זיך פאַרשריבן אין קאָמיטעט.

און אַז ר׳ שמואלס טעכטער האָבן זיך פאַרשריבן אין קאָמיטעט, האָט מען אַ פּעליקע וואָך דורכאַנאַנד געהאַלטן אין איין באַראַטן זיך וואָס פאַר אַ סטראָי מען זאָל זיך צוגרייטן אַלס אויפזעערינס איבער די קעכינס. און נאָך לאַנגע טראַכטענישן, האָט מען באַשלאָסן: די צוויי מיידלעך, וועלכע וועלן דערלאַנגען דאָס עסן, זאָלן זיין אָנגעטאָן גראַ־נאַטענע קליידלעך מיט ווייסע פאַרטעכלעך און אויפן קאָפּ אַזאַ ראַגאָווקע,

אַן אַרומגעזוימטע מיט שפּיצן, וואָס זאָל אַרומנעמען די האָר ביז צום שטערן. סאַבינאַ, אַלס אויפזעערן, זאָל זיין אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד, פאַרקנעפּלט ביז צום האַלדז, מיט אַ ווייס קעלנערל און מער גאָרנישט.

עס איז געווען אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם ווי מען האָט אָנגעהויבן טיילן די זופּן מיט קאַרטאָפלעס.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, איז יאַסקע פּונקט דורכגעגאַנגען פאַרן בית המדרש (אין ווייבערשן בית המדרש איז געווען די קיך). פון אינ־ווייניק האָט זיך געטראָגן אַזאַ געדעמפּט און פאַרשטיקט זשומען. פון צייט צו צייט, ווען די טיר האָט זיך געעפנט אויף אַ ווייל און עס איז עמיצער אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שטופּ אַרויס אַ קנאַל פון צעווייפגעמישטע קולות, קוויטשנדיק — היסטערישע און גראָ־בע, באַסאָווע. מיטן פאַרמאַכטן טיר, זיינען די קולות מיטאַמאָל אָפּגע־שניטן געוואָרן, זיך אָפּגעהאַקט און ווידער האָט זיך בלויז געהערט אַזאַ פאַרשטיקט זשומען, פּונקט ווי דאָס זשומען פון זודיק וואַסער, וואָס אָט, אָט, האַלט עס ביים אויפקאָכן. פּלוצלונג האָט זיך די טיר געגעבן אַ האַ־סטיקן פראַל אויף. ווייזט אויס, אַז אינווייניק האָט מען זיך פריער גוט גע־אַמפּערט, און מען האָט די טיר צוגעהאַלטן, ווייל דאָס עפענען איז גע־ווען אַזוי האַסטיק, גלייך מען וואָלט וועמען אָפּגעשטופּט. פון די טרעפּלעך איז געגעבן אַ פלי אַראָפּ הערשעלע גזלן. ער האָט געמוזט קריגן אַ שטאַרקן שטויס, ווייל זייענדיק שוין ווייט פון די טרעפּלעך, איז ער נאָך אַלץ געלאָפן, גלייך ער וואָלט נאָך אַלץ געטראָגן געוואָרן פון פריערדיקן האַ־סטיקן שטויס ביז אַ שטיק אויף דער גאַס אַרויס. ערשט לעבן ראָוו, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און געריעדט צו זיך אַליין: „אַ רוח אין זייערע גע־פייגערטע הערצער אַריין, שיינע מענטשן מיינע".

יאַסקע האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און אַזוי ווי מיט הערשעלע גזלן האָט ער זיך גוט געקאָנט, איז ער גלייך צוגע־גאַנגען און אים געפרעגט: „וואָס איז געשען, הערשעלע?" און כאָטש דער דערציילער וועט אפשר זינדיקן מיט באַרעדעוודיקייט, פונדעסטוועגן וועט נישט זיין איבעריק צו דערציילן ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס באַ־קאַנטשאַפט פון יאַסקען מיט הערשעלע גזלן.

אין דעם דערמאָנטן, פישל באַגרעבערס הויז, האָט אויך געוואוינט יאַנקעלע הערש־יאָסעלעס, אָדער ווי אַלע האָבן אים גערופן: יאַנקעלע גזלן. דער נאָמען גזלן, האָט אייגנטלעך געפּאַסט יאַנקעלען, פּונקט ווי אַ

שטריימל צו אַ קאָזאַק, אַז בסך הכל איז יאַנקעלע געווען אַ קליינטשיק יידעלע מיט אַ קיילעכדיקן גרויסן קאָפּ אויף אַ שמאָל העלדזעלע, וואָס האָט אויסגעזען פּונקט ווי אַ ברייט־צעוואַקסענע ציבעלע אויף אַן אָפּגע־דאַרטן שטשיפּיער. געערדט האָט ער מיט אַזאַ קוויטשענדיק קולכעלע, ווי אַ יידענע. און קיין שענער־צוגעפּאַסטן נאָמען ווי גזלן, איז טאַקע נישט געווען צו געפינען פאַר אָט דעם יידעלע. ער איז געווען אַ שוסטער אַ לאַטוטניק און ער האָט אויך געלערנט מיט מיידלעך עברי. און ווי קליין און אויסגעדאַרט דאָס יידעלע איז געווען, האָט ער אָבער דערפאַר פאַרמאָגט זיין אייגנס אַ האַלב טוץ יונגען ווי די בערן, איינס ביי איינס: פעסטע, ברייט־פּלייציקע, מיט ברייטע נעז, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט איבער די פלאַטשיקע פּנימער פון איין מויל ווינקל ביז צום צווייטן. הער־שעלע איז געווען זיין מוזיניק. אין אויסזען אינגאַנצן ענלעך צו זיין מש־פּחה, די „גזלנים", און פון אונטערן שטערן אפער האָבן אַרויסגעקוקט צוויי שוואַרצע גליענדיקע אויגן, וואָס האָבן געפינקלט און געבלישטשעט ווי צוגליט אייזן.

דעם ערשטן זמן, ווען ער איז אָנגעקומען אין תלמוד תורה, ווען דער רבי האָט אים געוואָלט אָפּשמייסן פאַר אָפּשניידן אַלע קנעפּלעך פון אַ יינגלס פאַלטאָנדל, האָט ער געגעבן אַ קלאַפּ דעם רבין, אַז יענער האָט זיך אַ שעה דערנאָך געהאַלטן ביים בויך, נאָך אויסגעהאַקט אַ שויב אַלס צוגאָב און איז אַנטלאָפן.

אין חדר אַריין איז ער שוין מער נישט געגאַנגען. ער האָט זיך גע־כאָוועט אויף דער גאַס, געשלאָפן: ווינטער אין בית המדרש, זומער אויפן דאַך פון אַ בודע אין מאַרק און געלעבט האָט ער פון וואָס עס האָט זיך געלאָזט. עס טרעפט זיך: ער איז הונגעריק, קיין פאַר גראָשן האָט ער נישט, לויפט ער צו צו אַ בודע מיט געבעקס אין מיטן מאַרק, און מיט פלינקע הענט גיט ער אַ כאַפּ אַ זעמל, אַ האַלב ברויט. די פאַרקויפערן, די יידענע, שרייט, שעלט און לויפט אים נאָך, נאָר גיי זיי אַ בריה און כאַפּ הערשעלען.

דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל, ווען ברויט איז געלעגן פראַנק און פריי אָפן. היינט אָבער איז טאַקע שלעכט און הערשעלע איז אָפטמאָל הונגעריק.

געווען איז דאָס דעם פאַריקן ווינטער, אַרום ניין אַזייגער אינדער־פרי. יאָסקע איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען פון שטוב אויפן וועג אין חדר

אַריין. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמען פּאַלטאָן מיט אַ פוטערן קעלנערל. אונטערן אָרעם, אַיינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר, האָט ער געהאַלטן דעם פּרישטיק, עטלעכע איבערגעשניטענע זעמל מיט פוטער און קעז. פּלוצלונג איז, ווי פון אונטער דער ערד אפער געגעבן אַ שפּרונג אַרויס הערשעלע. און איידער יאסקע האָט צייט געהאַט זיך אומצוקוקן, האָט יענער אים אַרויסגעכאַפּט דאָס אַיינגעוויקלטע פּעקעלע מיטן איבערבייס.

די ערשטע רגע איז יאָסקע געבליבן שטיין צעמישט. באַלד אָבער איז אים באַפאַלן אַ כעס צו אָט דעם לאָבוז און גאַסן יונג, וועלכער כאַפּט עסן פון פרעמדע הענט. קיין שוואַך ייִנגל און קיין פּחדן איז יאָסקע קיינ־מאָל ניט געווען. האָט ער זיך אָנגעהייבן לאָזן נאָך הערשעלען, כדי אים מקיים פּסק צו זיין. און דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך: הערשעלע איז אינגאַנצן נישט אַנטלאָפן. אין דער איינציקער מינוט, וואָס יאָסקע איז געשטאַנען ווי צעמישט, האָט יענער שוין צייט געהאַט אויפצעוויקלען דאָס פּאַפּיר און, זעענדיק ווי יאָסקע לאָזט זיך לויפן צו אים, איז ער געבליבן שטיין. איין פוס האָט ער געהאַלטן אַרויסגעשטעלט און אַרויס־גערוקט פאָרויס. כמעט אַ גאַנצן זעמל האָט ער מיטאַמאָל אַריינגעשטופּט אין מויל אַריין, אַזוי, אַז דאָס מויל האָט זיך צעצויגן כמעט איבער דער גאַנצער ברייט פונם פּנים און די נאָז האָט זיך נאָך מער אַיינגעפּלאַטשט. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן צוויי נאָך נישט אָנגעהייבענע זעמל. און ווען יאָסקע האָט זיך דערנענטערט, האָט הערשעלע זיך אָנגערופן: „אויב דו ווילסט, נאַ דיר צוריק צוויי זעמעלעך. מיר העלפט און דיר העלפט". און מיט אַמאָל האָט זיך יאָסקע שטאַרק פאַרשעמט. דער גאַנצער כעס האָט זיך ווי אויסגעוועפּט. ער האָט געקוקט אויף הערשעלען, וועלכער האָט אַזוי זשעדנע און מיט אַזאַ התמדה גיך געקייט און געמאָלן מיט ביידע זייטן ציין, פּונקט ווי אַן אויסגעהונגערטער הונט, וואָס האָט פּלוצ־לונג און אומגערעכט געפונען אַן אַפּעטיטלעכן ביין און עס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז יענער איז פּשוט געווען הונגעריק.

ער איז צוגעגאַנגען נענטער און געפרעגט: „ביסט הונגעריק, הערשעלע?"

„אָבער נאָך ווי — האָט יענער געענטפערט. — איצט בין איך שוין באַלד זאַט" — האָט ער אַרויסגעזייט פון אַ פול אָנגעפּאַקט מויל אַרויס.

אַ מינוט זיינען זיי געשטאַנען שטיל, און יאָסקע האָט אַ זאָג גע־

געבן: „ווייסטו וואָס, הערשעלע? איך וועל דיר אַלע טאָג אַרויסברייני־גען עפּעס צו עסן.

„איך שפּיי אויף אײַך מיט אײַערע טובות, פונדעסטוועגן, אַז איך וועל זײַן גאָר שטאַרק הונגעריק, וועל איך קומען", האָט ער געענטפערט, און איז זיך צופייפנדיק געגאַנגען ווייטער זײַן וועג.

יאָסקען האָט שפּעטער אַזאַ הנאה געטאָן די גאַנצע מעשה. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געזען אַ הונגעריקן, וואָס האָט נישט געבעטן. אַ סך הונגעריקע זײַנען דאָך געווען היינט אין שטאָט. זיי פֿלעגן אַרײַנקו־מען בעטן מיט געבראָכענע שטימען, זיי האָבן זיך באַמיט דאָס קול זאָל אַרויסקומען נעבעכדיקער. דער בליק פֿון זייערע אויגן איז געווען אַזאַ הכנעהדיקער, וואָס האָט זיך געבויגן אין דרייען. און דאָ איז אַלץ פֿאַר־געקומען אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן מיט אַזוי פיל שטאָלץ און מענטש־לעכע ווירדע. פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך געקאָנט.

איצט, ווען יאָסקע האָט אים געפרעגט: „וואָס עס איז געשען?" איז צום ערשט הערשעלע געווען בייז און בלויז געוואָרטשעט: „גיי פרעג זיי, די שיינע מחותנים, דײַנע שוועסטערן זײַנען דאָך אויך דאָ גאַנצע מאַכערקעס". שפּעטער, אַז דער כעס איז אים אַביסל איבערגעגאַנגען, האָט ער אים דערציילט: „אויך אַלע טאָג גיט מען נישט מער ווי אַביסל שווענקעכץ און אַ פּעניץ קאַרטאָפּלע, נאָר היינט, ווייזט אויס, האָבן זיי בלויז איבערגעשווענקט די קעסלען פון נעכטיקן איבערבליי־בעכץ, פון קיין קאַרטאָפּלע איז נישט געווען קיין זכר. די קאַרטאָפּלעס האָבן געמוזט זײַן פאַרפֿרוירן און עס איז פון זיי גאָר נישט געבליבן. איך בין געווען טויט הונגעריק און באַלד אויפן אָרט האָב איך אָנגעהויבן זופּן אָט דאָס וואַסער. נאָר אַזוי ווי איך האָב גענומען דעם ערשטן לעפל אין מויל אַרײַן, האָב איך דערפילט אַ טעם, גלײַך איך וואָלט געטרונקען דזשעגעכץ, האָב איך אַ זאָג געטאָן: נאַטץ אײַך צוריק אײַער שיין מיטאָג, און פרעסטץ אַליין. האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן. אַ רוח אין זייערע מאַ־מעס אַרײַן".

שפּעטער ביים מיטאָג, ווען אַלע זײַנען געזעסן ביים טיש און מען האָט שוין געהאַלטן ביים פלייש, האָט יאָסקעס יינגערע שוועסטער, דאָס פאַניענקעלע מיטן דינעם בוימל שטימעלע, אַ צופרידענע פון די גוטע זאַכן, וואָס מען האָט דערלאַנגט צום טיש, און אַ זאַטע מיט מעשים טובים פון היינטיקן טאָג אין קיך, זיך אָנגערופן: „הערסט, טאַטעשי, שנאָרערס

בלייבן שנאָרערס. איז היינט געווען אַ סצענע אין קיך, דאָס עסן טויג זיי נישט, און באמת איז די זופּ געווען אַזוי געשמאַק. אַלע האָבן מיר זי־ פריער פאַרזוכט".

„כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, האָט זיך נחמהלע אָנגערופן, ווער גייט דען אין קיך אַריין?"

„אודאי, האָט ר' שמואל פּאָטאַקעוועט, דאָס איז דאָך דאָס גרעב־ סטע פון גרעבסטן, דאָס האָט נישט אינזינען מער ווי די אכילה".

„און איך ווייס, אַז די היינטיקע זופּ האָט געהאַט דעם טעם פון דזשעגעכץ — האָט זיך פּלוצלונג יאָסקע אָנגערופן, — הערשעלע גזלן האָט עס מיר אַליין דערציילט".

„אַז דאָס וואַקסט עפּעס אַ פּראָסטער פויער, אַז הערשעלע גזלן איז זיין חבר, וואָס קאָן גוט זיין?" האָט געזאָגט דער עלטערער ברודער.

„און ביי אייך אין קיך גאַנוועט מען צו דאָס געלט און מען גיט אַ פּאָר געפּרוירענע קאַרטאָפלעס" — האָט יאָסקע מיטאַמאָל אַרויסגע־ פּלאַצט.

„מאַך צו דעם פּיסק, דו גראָביאַן אײנער!" האָט ר' שמואל אַ געשריי געטאָן, און זיך אויפגעשטעלט. יאָסקע איז אַוועק פון טיש און טיף אין האַרצן האָט געטליעט אַ צופרידנקייט, וואָס ער האָט געוואָרפן אַ שטיין אין אָט דעם זאַטן און צופרידענעם געזינדל אַריין.

## קאַפּיטל 8.

מאַניש איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען פון זיין קראַנקן בעט. זייט יענער נאַכט, ווען מען האָט ביי אים ריקוויזירט די בלעך נאַפט מיט די עטלעכע פונט ליכט, וואָס ער האָט געפּרואווט שמוגלען. די אַסטמע אויף וואָס ער האָט געקרענקט פון פאַר דער מלחמה, ווען ער׳ האָט נאָך געאַרבעט אין פאַבריק, האָט זיך איצט נאָך מער פאַרשטאַרקט, זיך פאַר־ברייטערט, אַריינגעדרונגען אין גאַנצן קערפּער, פאַרשטאָפּט אַלע אָטעם אָרגאַנען און מיט האַסטיקע שפּרייזן האָט דער טויט זיך גענומען דער־נענטערן.

עס איז שוין געווען אַרום צוויי אַזייגער פאַרטאָג. דאָס לענגלעך־שמאָלע שטיבל איז געווען פאַרהילט אין טונקל. אַ קליין רויט פלעמל פון אַ לעמפּעלע אָן אַ קאַפּטור, האָט מיט אַ קאַרגער שיין באַלויכטן בלויז דאָס טישל, וואו דאָס לעמפּעלע איז געשטאַנען. מאַנישעס ווייב איז געלעגן אויפן בעט אין אָנטועכץ, איינגעקאָרטשעט און צענויפגעדרייט ווי אַ בייגל און געדרעמלט. זי איז נעבעך אַזוי מיד געווען. מאַניש ליגט שוין אַזוי וואָכן דורכאַנאַנד ווי אַ קלאָץ. עס האַלט אים כסדר אין איין שטיקן. אַ שווערער הוסט בלייבט אים, אַסך מאָל, שטעקן אין האַלדז, גלייך עס וואָלט ווער אים אַריינגעפּאַקט אַ ריזיקע פּויסט אין סאַמע גאָרגל אַריין. דאָס גאַנצע פּנים ווערט דאַמאָלס עפּעס מאָדנע אָנגעגאָסן, אַזוי אָנגעג־בלאָזן, גלייך מען וואָלט אין אים כסדר אַריינגעפּאָמפּעט לופט. די אויגן גיסן זיך אָן מיט בלוט, ווערן משונהדיק גרויס און רייסן זיך צו אַנט־לויפן, אַרויסצושפּרינגען, און דעמאָלט טראַכט זיך: אָט, אָט קומט שוין דער סוף.

ליגט זי איצט אַ פאַרמאַטערטע און דרעמלט.

אויך מאַניש האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין האַלבן דרימל. אַליין

נישט ווייסנדיק פון וואָס און פון ווען, האָט זיך פון דער האַלב טונקל געד־נומען אויסשיילן פאַר זיינע אויגן אַזאַ בילד: אַ זומערדיקער שבתדיקער פרימאָרגן, דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס רייסן זיך אַריין שמאָלע פּאַסן ליכט, וועלכע טאַנצן אַרום איבערן צימער, נישט קאָנענדיק געפינען קיין אָרט וואו זיך אויסצעשפּרייטן. ער ציט אויס די מידע גלידער. ער דער־מאָנט זיך, אַז היינט איז שבת און מען דאַרף זיך נישט איילן אָנצוטאָן, צו לויפן צו דער אַרבעט. און זיין גאַנץ וועזן ווערט אָנגעפּילט מיט אַזאַ מחיהדיקער צעפרידנקייט. פון אַנדערן בעט גענעצט זיין ווייב. וויפל קאָן שוין איצט זיין דער זייגער? פרעגט ער, גלאַט אַזוי, כדי עפּעס צו זאָגן. אין ווייס? ענטפערט זי, עס מוז שוין זיין ניט זייער פרי. ער ליגט נאָך אונטער אַביסל און טוט זיך אָן.

איידער ער עפנט דעם לאָדן, גיסט אָפּ די נעגל און זאָגט אַ פּאָר יידישע ווערטער, האָט שוין יוכבדל געברייגגט פון בעקער אַ קאַ־כעדיקע באַניע מיט קאַווע. אַ וואוילע יידענע זיין יוכבדל. פון די אַכצן גילדן אַ וואָך וואָלט נישט מעגלעך געווען אויסצוקומען. לערנט זי צו מיט מיידלעך, האַנדלט מיט אַ הון, אַן איי, אַ שטיקל פּוטער אויפן יריד און מיט זיין ליבן נאָמענס הילף, שטופּט מען ווי עס איז דורך.

צי גאָר דער גאַנצער ענין מיט דער שבתדיקער קאַווע. וויפל גע־בו־ענטע צרות האָט זי אויסצושטיין פון דעם צורר היהודים, דעם בלינדן שמואל, דעם בעקער. פונדעסטוועגן האָט זיך נאָך נישט געמאַכט קיין איינציקער שבת, עס זאָל נישט זיין קיין הייסע קאַווע. גיסט זי אים אָן איין גלאָז, ער בריט זיך און סמאַקעוועט, גיסט זי אים נאָך איינס, דער בויך ווערט פולער, לאָזט אַביסל נאָך דעם פּאַסיק און פרעגט, שוין מיט אַ ביסל נישט דרייסטקייט: האָסט אפשר, יוכבדל, נאָך אַ גלעזל ציקאָריע?

נאָכן מעביר זיין די סדרה, גייט ער דאַוונען. ער דאַוונט אין איין שטיבל מיט זיין באַלעבאָס, ר׳ שמואל. פון דאַוונען גייט ער כמעט שטענ־ד׳יק אַהיים גלייך מיטן באַלעבאָס. ר׳ שמואל מיט די זין גייען פאָרויס מיט געלאַסענע מאַיעסטעטישע טריט און אונטער זיי מאַניש, וויגנדיק זיך מיט זיין נידריקן אָנגעגאָסענעם קערפּער אויף די צוויי קורצע און קלעצלדיקע פיס. ווען זיי קומען צו צום ראָג, וואו זייערע וועגן צעשיידן זיך, זאָגט מאַניש: „אַ גוטן שבת, ר׳ שמואל" און יענער ענטפערט: „אַ גוטן שבת, אַ גוט יאָר, מאַניש", און זיי צעגייען זיך יעדער צו זיין היים און צו זיין שבתדיקער סעודה.

ווי לעבעדיק שיילט זיך איצט אויס יענער שבתדיקער נאָכמיטאָג. ער זיצט ביים עסן, ער האַלט שוין נאָך די ציבעלעס און וואַרט אויף טשאָלנט. עס עפנט זיך די טיר, און עס געשעט דאָס, אויף וואָס מאָניש וואַרט אייגנטלעך אַ לעבן לאַנג. אַ חלום וואָס ער האָט יאָרן לאַנג געטראָגן באַהאַלטן טיף אין האַרצן, איז איצט מקוים געוואָרן.

אַ חוץ דער באַדערפעניש פון עסן, שלאָפן, לויפן צו דער אַרבעט און גיין צוויי מאָל אַ טאָג אין בית המדרש אַריין, האָט מאָניש טיף אין האַרצן ביי זיך געוואַרעמט אַ פאַרלאַנג: דערהאַלטן אַ בריוו אויף דער פּאָטשט. ער האָט אַזוי מקנא געווען די מענטשן, וועלכע דערהאַלטן בריוו. נאָר ער האָט קיינעם נישט געהאַט אין דער פרעמד.

איין קרוב זיינער האָט יאָ געוואוינט אין אַ נאָענט שטעטל, איז ערשטנס: האָט ער ניט געשריבן קיין בריוו, און טאָמער האָט ער אַמאָל אין אַ יובל יאָ געשיקט עטלעכע ווערטער, איז עס שטענדיק געווען מיט אַ „געלעגנהייט״. אויך די האָפנונג, אַז ער וועט אויסגעבן דעם זון זיי־נעם אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין, איז צו נישט געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעשלאָגן אַ נישקשהדיקער שידוך פון דאָ־הי, און ער וועט דאָך נישט גיין דערציילן, אַז ער באַשטייט נישט אויפן שידוך, ווייל ער וועט נישט דערהאַלטן קיין בריוו אויף דער פּאָטשט.

ווען עס פלעגט נאָר אָנקומען אַ נייער בריוו־טרעגער, האָט מאָניש אים אָפּגעזוכט, און אים אָנגעוויזן: ראַזמאַן איז אָט דאָ, אין דעם הויז און אין דער טיר, ער זאָל, חלילה נישט האָבן קיין טעות. און כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דער בריוו טרעגער וועט קיינמאָל ניט באַ־דאַרפן וויסן זיין אַדרעס, האָט ער אָבער זיך נישט געקאָנט אָפּגעוויינען פון אָט־דעם מנהג זיינעם.

און איצט עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין דער בריוו־טרעגער און גיט אַ פרעג: „טו ראַזמאַן?״ „טאַק טאָטשנאָ״, גיט מאָניש אַ שפרונג אויף. „טאַק, טו״, שטאַמלט ער, אינגאַנצן אַ צערודערטער. און איידער דער בריוו־טרעגער האָט אויסגעזוכט דאָס קאַרטל, האָט אים מאָניש דער־ווייל מכבד געווען מיט אַ גלעזל בראָנפן און אָפּגעשניטן אַ האַלבע חלה און אים אָנגעזאָגט, אַז ראַזמאַן איז דאָ, נאָר דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש. אַ חסט האָט אים גענומען שטיקן. מיטאַמאָל איז דאָס גאַנצע בילד פאַר־שוואונדן און זיך אויסגעוועפּט. דאָס לעמפּל האָט געצאַנקט, אַרום איז

געווען שטיל און טונקל, און מאַניש האָט זיך ווידער געזען אין דער וועלט פון זיין ביטערער ווירקלעכקייט.

מען זאָגט: אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן ווערט אַ מענטש אַזוי גוט און ריין ווי אַ ניי־געבוירן קינד, וואָס טראָגט נישט קיין שנאה צו קיינעם און איז אַלעמען מוחל די עוולות. מיט מאַנישן איז געשען פונקט דער היפך. זיין גאַנץ שווער און פאַרהאָרעוועט לעבן האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ שייל אויס פאַר זיינע אויגן אין אָט דער שפּעטער און טונקעלער נאַכט שעה. און ער האָט דערזען: שווערע און לאַנגע שעהן פון טאָג, שלעפּנדיק מיט אַלע כוחות דעם שווערן שטיק מעש איבער די האַרטע לעדער, ברויט מיט קאַרטאָפלעס, אויך נישט שטענ־דיק, צו דער זאַט. דאָס גאַנצע גראָקייט און איינטאָניקייט פון אָט דעם לעבן, האָט איצט געמאָנט באַשייד און ענטפער: צוליב וואָס?

אַ פּרעסנדיקער ווייטיק האָט אים אַרומגענומען. אַ ברענענדיקער פאַרלאַנג אָנצוהייבן אַלץ פונדאָסניי.

און אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי, האָט ער זיך איצט דערמאָנט הערשל טאָקערס ווערטער, ווען ער האָט זיי גערופן צו שטרייקן: צו וואָס לעבט איר און וואָס האָט איר פון אַזאַ לעבן? אַפילו דער בריוו דעמאָלט איז דאָך אויך נישט געווען צו אים, האָט אַלץ אין אים געוויי־טיקט. (דער בריוו איז געווען צו ר' שלמה ראזמאן, און דער נייער בריוו־טרעגער, ווען מאַניש האָט שוין באַוויזן צו ווייזן זיין דירה, האָט זיך טועה געווען). און טאָפל שטאַרק איז געווען דער ווייטיק, וויסנדיק, אַז איצט קאָן ער שוין גאָר נישט אָנהייבן אויפדאָסניי . . .

פון די טיפענישן האָט אַ קנאל זיך גענומען שפּאַרן, וואָס אַמאָל אַלץ העכער און העכער ביז די גאַנצע קנאל האָט זיך אָפּגעשטעלט און גע־בליבן שטעקן אין סאַמע מיט פון האַלדז. עס האָט אים גענומען שטיקן, דאָס פּנים איז געוואָרן בלאָ און אויפגעבלאָזן, די אויגן האָבן מיט אויפ־געריסנקייט געקוקט מיט שרעק אין דער האַלב טונקל. און געזען: אויף דער וואַנט אַנטקעגנאיבער דעם בעט, טאַנצן צוויי שאָטנס. מיטאַמאָל זיינען די שאָטנס אַראָפּ פון דער וואַנט און זיך גענומען דערנענטערן צום בעט. זיי שטרעקן אויס פיר לאַנגע הענט מיט צוואַנציק ביינערדיקע פינגער, וואָס כאַפּן אַרום און שטיקן זיין האַלדז ווי מיט צוואַנגען.

ער וויל שרייען, אָבער קיין שום קלאַנג קומט נישט אַרויס פון מויל.

דאָס שטיקן פון די ביינערדיקע פינגער ווערט וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ער פֿילט ווי דאָס ביסל אָטעם הייבט אָן צו פאַרשווינדן. פאַר די אויגן גיט זיך אַ שפּרייט אויס עפּעס אַ מוראדיקע טיפעניש, וואָס דערנענטערט זיך און שפּרייט זיך אויס אַלעמאָל נענטער צו זיין בעט. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע, באַלד וועט דער תהום אים אַרומנעמען און איינגאַנצן פאַרשלינגען . . .

ווען יוכבדל איז אינדערפרי צוגעגאַנגען צום בעט, איז מאָניש שוין געווען אַ פאַרשטאַרטער.

## קאַפּיטל 9.

דער קורצער ווינטערדיקער טאָג האָט זיך שוין פאַרנומען צום אונטערגיין, ווען פון די ברייט געעפנטע טויערן פון שמואל בעקערס הויז האָבן זיך מיטאַמאָל ווי אַרויסגעשטופּט עטלעכע מענטשן, טראָגנדיק די מיטה מיט מאָנישעס טויטן קערפּער.

„געלאַסן, געלאַסן" — האָט מיט אַ הייזעריק קול געוואָרנט מאיר לאַפּאַטע, אַ הויכער דאַרער ייד מיט אַ שיטער בערדל.

די נושאים האָבן פעסטער אָנגענומען די שטאַנגען פון טהרה־ברעט און נאָכדעם ווי זיי זיינען אַריבער דעם בריטן, שלעכט ברוקירטן ראָוו און זיינען אַרויף אויף דער גאַס, האָבן זיי מיט גיכע שפּרייזן גענומען אַיילן צום בית עולם.

דאָס פּישטשנדיקע געוויין פון יוכבדלען מיט די קינדער האָט זיך מיט יעדער מינוט אַלץ מער דערווייטערט ביז עס איז אינגאַנצן פאַר־שטומט געוואָרן. ערגעץ ווייט, אויפן שאָסיי, אין עק האָריזאָנט, האָט אַ רויטע אונטערגייענדיקע ווינטערדיקע זון, זיך צעגאָסן איבער אַ שמאָלן פּאַס הימל און אים באַפאַרבט מיט בלוטיקע רויטקייט. פון דעם ליידיקן פּלאַץ, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דינהלעס הייזל מיט די דריי ריקע קאַשטאַן ביימער, האָט זיך איצט אויסגעשפּרייט אַ שטח פון פעלדער און לאָנקעס, וועלכע זיינען געלעגן אונטערן ווייסן צודעק פון שניי.

דער רויטער פּאַס הימל האָט זיך וואָס אַמאָל אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידריקער און נידריקער, און זיך באַהאַלטן ערגעץ אין יענער זייט שאָסיי. און וואָס טיפער דער רויטער פּאַס איז געזונקען, אַלץ טונקעלער זיינען געוואָרן די שניי־פעלדער.

פון מזרח האָט אַ טונקל בלאָער הימל זיך אָנגעהייבן רוקן צו דעם

גליענדיקן פאַס אונטערגייענדיקע זון—אויף דעם ווייסן שניי־פעלד, און מיט יעדער מינוט אַלץ מער זיי פאַרטונקלט.

יאַסקע איז אָנגעקומען פון גאַס און אָנגעטראָפן אויף דער לויה. „מאַנישעס לויה", האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוועזן, האָט יאַסקע, זייט יענער נאַכט, געפילט עפּעס אַ מאָדנע אחריות פאַר מאַנישעס גורל. איצט, אָנטרעפנדיק אויף מאַנישעס לויה, האָט אַזאַ שניידנדיקער ווייטיק דורכגענומען זיין גאַנץ וועזן. אַחוץ דעם, האָט יאַסקע שטענדיק זיך געפילט עפּעס מאָדנע אין אַזעלכע פאַרנאַכטן — אַמערסטן אין די פּראַסטיקע און זוניקע פאַרנאַכטן, ווען דער הימל אויפן שאָסיי האָט זיך גענומען רויטלען און איבער די ווייסע פעלדער האָט זיך אַ טונקעלער הימל אויסגעשפּרייט. צוזאַמען מיט די שניי ־ פעלדער האָט דאָס טונקל אויך זיין געמיט פאַרהילט, זיך צעלייגט אין האַרץ.

אַן אומבאַשטימטע בענקשאַפט צו נאָך עפּעס ווייטס, ווייטס, נישט באַגרייפלעכס, אַן ממשותדיקס, האָט אים אַרומגענומען. ער פלעגט זיך קיין אָרט נישט געפינען.

לעצטנס, זייט ער האָט דערקאָנט רבקהלען, פלעגט זיך אין אַזעלכע מינוטן פון פאַרנאַכטיקער טונקלקייט געמישט מיט רויטן שקיעה־שיין, באַוויזן דער מיידלס געשטאַלט. זי פלעגט אַרויסשוועבן פון רויטן האָ־ריזאָנט אַזאַ דינע, אַזאַ צאַרטע, אַ כמעט דורכזיכטבאַרע. אירע גאָלדענע האָר האָבן געמינעט אין דער טונקל, די גראַנאַטענע אויגן האָבן גע־פינקלט מיטן גלאַנץ פון די שטערן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהייבן באַ־וויזן אויפן טונקל־בלאָען הימל. אַ בלישטש, אַ פינקל און פאַרשוואונדן, איבערלאָזנדיק אַ ווייטיקלעך־נאָגנדיקע בענקשאַפט.

אָט די דאָזיקע שטימונג, וועלכע פלעגט אים אַמאָל אַרומנעמען מיט אַזאַ צער, האָבן איצט אין אָנבליק פון מאַנישעס לויה, געדריקט מיט אַ סך מער שווערקייט. דער גאַנצער טרויער פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן טאָג, צוזאַמען מיט דעם צער און ווייטיק פון אַן אָפּגעהאַקט, איבערגעריסן מענטשלעך לעבן, וועמענס נשמה האָט נאָך אַרומגעבלאָנדזשעט אין חלל, ווי עס האָט זיך יאַסקען געדאַכט, דאָס אַלץ האָט זיך איצט באַזעצט אין זיין גאַנצן וועזן און אַזוי מוראדיק ווייי געטאָן . . .

דער רויט גליענדיקער פאַס איז שוין אינגאַנצן פאַרטרונקען גע־וואָרן פון דער טונקל. די ווייסע שניי־פעלדער האָבן שוין אַ טונקל גראָען קאָליר, און איינצעלנע שטערן פינקלען שוין אויפן וואָלקנלאָזן הימל.

ווען יאָסקע האָט זיך פֿלוצלונג אָפּגעשטעלט, האָט ער זיך דערזען לעבן דער טיר פֿון מאַנעשעס שטוב. ער האָט אַליין נישט געוואוסט ווי לאַנג ער איז אַזוי געשטאַנען הינטער דער טיר, ווייל ווען רבקהלעס דער־שראָקן קול האָט אים ווי אויפֿגעוועקט: „ווער איז עס?" האָט זיך יאָסקע ווי אויפגעכאַפּט און זיך גוואַלדיק פֿאַרלוירן. אַ מינוט האָט ער גאָר נישט געקאָנט ענטפֿערן, נאָר באַלד האָט ער מיט אַ געמאַכטער פֿריילעכ־קייט אַ זאָג געטאָן: „דאָס בין איך, האָסט זיך דערשראָקן, רבקהלע?"

„וואָס שטייסטו עפּעס הינטער דער טיר, יאָסקע?" — האָט זי אַ פרעג געטאָן. אָבער אין דער אייגענער רגע האָט זי חרטה געהאַט אויף אָט־דער נישט טאַקטישער פֿראַגע. ווייל, דעם אמת געזאָגט, האָט אָט דאָס מיידל, וואָס איז מיט גאַנצע צוויי יאָר עלטער געווען פֿון יאָסקען, דער־פֿילט וואָס עס קומט פֿאָר מיט דעם שעמעוודיקן יינגל. זי האָט עס דער־פֿילט און אַרויסגעלייענט פֿון זיינע אַראָפּגעלאָזטע בליקן, פֿון דער רויט־קייט וואָס האָט באַדעקט זיין פּנים, ווען זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. דאָס האָט איר דערציילט, אַז אין דעם יינגלס האַרץ וועבט זיך עפּעס. און אויך אין איר ברוסט האָט זיך גענומען עפּעס שפּינען, אַזאַ זיס־צאַרט געפֿיל צו אָט דעם פֿול בלוטיק יינגל מיטן טונקל־אליוו פּנים און קאָפּ פּעך־שוואַרצע האָר. זיין פֿאַרשעמטקייט און פֿאַרלוירנקייט, האָט אין איר אויפגעוועקט נאָך אַ געפֿיל, וואָס איז אַזוי אייגן אַלע געזונטע און נאָר־מאַלע מיידלעך. אַזאַ מין סאָרט מאַמע געפֿיל צו דעם יינגל וואָס איז אַזוי אומבאַהאָלפֿן אין איר אָנוועזנהייט.

אָפּטמאָל, אין די נעכט, ליגנדיק אויף איר געלעגער, האָט זי מיט אָפֿענע אויגן געטרוימט וועגן טוליען דעם יינגלס קאָפּ צו איר ברוסט, טרייסטן אים, גלעטן פּונקט ווי אַ קינד, אַ וויינענדיקס, אַ העשנדיקס נאָך, ווען די מאַמע נעמט אויף איר שויס און קושט אויס די נאַסע אויגן.

און אַז דעם יינגל דריקט עפּעס, וואָס ער קאָן נישט אַרויסברייגען, דאָס איז איר קלאָר געוואָרן, זייט יענעם אָוונט, ווען ער האָט איר עפּעס אַזוי אומגעלומפּערט דערציילט, אַז מאַניש גוסס'ט, און אַז זיין ווייב איז געווען ביי זיין טאַטן וויינען ער זאָל זי ראַטעווען. און אַ רחמנות האָט זיך צעוואַרעמט אין איר ברוסט צו דעם ליידנדיקן יינגל. און אַמאָל פֿלעגט זיך אויך טרעפֿן, אַז זי האָט זיך אַליין אויסגעזידלט: „וואָס פֿאַר אַ גע־שעפּטן האָב איך אייגנטלעך, איך, מאַנעס סטאָלאַרס טאָכטער מיט ר'

שמואל נירמאַנס אַ ייִנגל? וואָס גייט ער מיך אָן דאָס גבירעשע זינדל מיט זיינע שטימונגען און מיט זיין טרויער? ער וועט זיך דאָך שעמען מיט מיר די גאַס דורכצוגיין״, — האָט אַלץ אין איר זיך געוועדט. און אויף אַ מינוט האָט זי באַשלאָסן: „איך וועל מער נישט האָבן קיין שום עסקים מיט אים און נישט טראַכטן אַפילו וועגן אים״. אָבער אין אַ מינוט אַרום איז דער גאַנצער כעס ווי אויסגערונען און אויסגעוועפּט געוואָרן. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געקוקט אויף איר מיט אַזוי פיל צאַרטקייט און מיט אַ זיסן ציטער אויפגעשוידערט אירע יונגע בלוטן . . . און איצט, אַרויספילנדיק דאָס געמאַכטקייט פון זיין קול: „האָסט זיך דער־שראָקן, רבקהלע?״, האָט זי גלייך דערפילט, אַז עפּעס קומט ווידער פּאָר מיט אָט דעם ייִנגל, וואָס איז איר אַזוי טייער, און עס האָט איר באַנג גע־טאָן, פּאַר וואָס זי האָט מיט אַזאַ קאַלטקייט געפרעגט: „וואָס שטייסטו עפּעס הינטער דער טיר?״ זי האָט גאָר איצט דערפילט אַ פּאַרלאַנג אָנ־צונעמען אים ביי אַ האַנט, אַוועקגיין מיט אים ערגעץ ווייט, ווייט פון־דאַנען, וואו קיינער אַחוץ זיי ביידע זאָל זיך נישט געפינען. זיי וועלן זיך אַוועקזעצן ערגעץ אויף אַ פּיען פון אַן אָפּגעשניטענעם בוים. זי וועט טוליען זיין קאָפּ צו איר קאָכעדיקער ברוסט, לייכט פירן מיט די פינגער איבער זיינע שוואַרצע האָר און מיט אַ שטיל ווייך קול, וואָס גיסט זיך אַזוי וואַרעם גלייך פון האַרץ אַרויס, וועט זי אים פרעגן: „יאָסקע טייַ־ערער, קינד מיינס, וואָס איז מיט דיר? וואָס טוט דיר וויי? איך ווייס דאָך און זע דאָך אַלץ. דערציייל זשע מיר אייַנציקער וואָס דיך דריקט און טוט דיר וויי״.

אָט דער פּאַרלאַנג האָט זיך געריסן פון די טיפענישן פון איר ברוסט. און געזאָגט האָט זי: „קום, יאָסקע, אַביסל אַריין צו אונדז, ביסט שוין אַזוי לאַנג ניט געוועזן״.

איר שטימע איז געווען אַזוי וואַרעם און מיט צאַרטקייט אַריינגע־דרונגען צו אים אין האַרץ. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און אויף איר אַ קוק געטאָן. און כאָטש אין פּאָדערהויז איז געווען פינצטער, האָט ער אָבער דערפילט דעם ליכטיקן בליק פון אירע גראַנאַטענע אויגן, וואָס האָט אים אַזוי צאַרט געגלעט און געוואַרעמט.

זי האָט געעפנט די טיר און זיי זיינען ביידע אַריינגעגאַנגען אין שטוב.

## קאַפּיטל 10.

מאנעסעס דירה איז באַשטאַנען פון איין גרויסער, פיר עקיקער שטוב, פון וועלכער אַ ווינקל איז געווען איבערגעגראַדזשעט מיט אַ ווענטל פון ברעטער. די רעשט פון דער שטוב האָט געהאַט דעם פאָרם פון אַן אײַ־בערגעקערטן דאַלעד. האַרט ביי דער טיר איז געווען די קיך און אַביסל העכער, רעכטס, זיינען, לענג אויס ביי די פענצטער, געשטאַנען צוויי סטאָלאַר וואַרשטאַטן.

מיטן רוקן אָנגעשפּאַרט אויף אַ וואַרשטאַט, און מיטן פּנים צו דער שטוב איז געשטאַנען מאנעס. ווייזט אויס, אַז ער איז נאָר וואָס אַריינגעקומען פון גאַס, ווייל ער איז נאָך געווען אָנגעטאָן אין דער גראָ־בער מארינארקע.

רעכטס פון אים, ביי דער קווער שרויף פונם וואַרשטאַט, איז גע־זעסן הערשל מולאזש, אַ הויכער, ברייט־צעוואַקסענער ייד מיט אַ ברייט מאַסיוו פּנים, וואָס איז געווען אויסגעפּאַרעמט ווי אין אַ קוואַדראַט. אַרומגענומען פון אַ שוואַרץ־געדיכטער באָרד, האָט אָט דאָס פּנים אויס־געזען נאָך ברייטער און מאַסיווער. ער איז געזעסן אויפן וואַרשטאַט און לייכט געהוידעט מיט די פיס. אַנטקעגנאיבער זיי ביידע איז געזעסן אויף אַ טאַבורעט דער הויכער דוד. אַ ברייטביינעדיקער ייד. זיין לענגלעך פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט אַ לאַנגער שוין גראָלעכער באָרד. פון אונטער די געדיכטע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט צוויי שוואַרצע פינקלענדיקע אויגן, וואָס האָבן מיט אַזוי פיל קלוגשאַפט און דורכדרינג־לעכקייט געקוקט אויף דער וועלט און דערציילט פון אַסך לעבנס־חכמה. און אַ מאָדנע זאַך: נישט געקוקט וואָס זיין באָרד איז שוין געווען באַ־צירט מיט אַסך זילבער, האָט פון אָט דעם ייד געווייעט מיט פרישקייט און יוגנט. די הויכע ברייטע געשטאַלט זיינע האָט דערמאָנט אין אַ הוי־כער, שלאַנקער סאָסנע אין יעשן צייט, וואָס כאָטש איר צווייגן־קרוין

איז שוין אַ געדיכטע און צעוואָקסענע וואָס דערציילט פון אַסך לעבנס־יאָרן, איז פאַרט איר שטאַם נאָך אַ גלייכער און שלאַנקער און די נאָדלען לעבן נאָך מיט דער גרינקייט פון סאַמע פרילינג.

„אַט ווי עס לעבט און שטאַרבט אונדזערכ אַ מענטש" — האָט זיך אָנגערופֿן מאַנעס, וועלכער איז נאָך אַלץ אַזוי געשטאַנען אָנגעלענט מיטן רוקן צום וואַרשטאַט און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. „העכער צוואַנציק יאָר איז ער, טאָג אײַן טאָג אויס, געלאָפן צו דער אַרבעט, און באַגראָבן האָט מען אים אין צענויפגעבעטלטע תכריכים.

„אָבער איין חסידות מיט ר' שמואלן איז ער געווען, יאָ, צי נישט?" — האָט זיך אָנגערופן הערשל מולאַרזש, וואָס איז בטבע געווען אַ ייד אַ וויצלער און זיך נישט צוגעלאָזט קיין טרויעריקע מחשבות. — „עעע, רעדט מיר בעסער נישט פון די מענטשלעך, פון אַט די קריכנדיקע ווע־רים" — האָט זיך געהערט דעם הויכן דודס באַסאָווע קול, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ שטילקייט, דער הויכער דוד האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגן צו דער פּאָדלאָגע, פאַרזונקען אין שווייגן, גלייך עס וואָלט אים עפּעס געדריקט. נאָר באַלד האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ווענדנדיק זיך צו מאַנעסן, האָט ער אָנגעהויבן: „דו ווייסט דאָך, מאַנעס, אַז איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין שלעגער, בפרט אויף אַ שוואַכערן פון מיר האָב איך קיינמאָל אין מײַן לעבן נישט אויפגעהויבן קיין האַנט. נאָר אַט דעם מאָנישן האָב איך איינמאָל אַזוי אָנגעבראָכן די ביינער, אַז ביז הײַנטיקן טאָג שעם איך מיך פאַר זיך אַליין". — אַ ווײַלע איז ער שטיל געבליבן, גלייך עס וואָלט אים שווער געווען צו רעדן, און באַלד ווידער אָנגעהויבן, — אַלע געדענקט איר דאָך נאָך דאָס פינפטע יאָר. ביי ר' שמואלן אין פאַבריק האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט. מאָ־נישן האָט זיך אַפילו נישט געגלוסט זיך אויפצושטעלן. — איך וועל שוין ווי עס איז דורכקומען מיט ר' שמואלן, האָט ער געטענהט. מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין סכסוכים. נאָר אַז מען האָט אים אונטערגע־שטעלט אַ פויסט אונטער דער נאָז, האָט ער זיך געמוזט אויפשטעלן. מיר האָבן געוואוסט אַז ביי ר' שמואלן ליגן אַסך רויע פעל אין די קאַטקעס און העכסטנס קאָנען זיי אַזוי ליגן נאָך אַכט טעג און נישט קאַליע ווערן. זײַנען מיר אַלע געווען זיכער, אַז ער וועט מוזן נאָכגעבן. עס איז נאָר בלויז געבליבן צו היטן און אַכטונג געבן עס זאָל זיך ניט געפינען קיין

שטרייק ברעכער. און דאָ, שוין אַכט טעג, שוין באַלד צוויי וואָכן, און גאָר נישט. די פאַבריק היט מען פון דער פרי ביז באַנאַכט, קיין שטרייק ברעכער זיינען נישטאָ. און פאַר וואָס גיט אַלץ ר׳ שמואל ניט נאָך? ביז איינמאָל, גאַנץ צופעליק, האָב איך מיך אַלץ דערוואוסט. עס איז געווען ווינטער, אַרום צוויי, אָדער האַלב דריי אַזייגער אינדערנאַכט. איך האָב געדאַרפט פאָרן קיין יאַדימאָוו אויפן יריד. ווייזט אויס, אַז איך בין צו פרי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ווייל אין מאַרק איז נאָך קיין איינציקע פור נישט געווען. טראַכט איך מיר: וואָס וועל איך מיך אַרומדרייען אין אינדרויסן? און איך הייב אָן צוריק אַהיימצוגיין. ווען איך בין צוגעקומען צו שמואל בעקערס געסל, דערזע איך ווי פון הויז גיט ווער אַ גיי אַרויס. אַ מינוט שטייט דאָס געשטאַלט אין טויער, קוקט זיך פאָרזיכטיק אַרום און לאָזט זיך מיט שנעלע טריט גלייך צו דער בית עולם גאַס. אַ רגע בין איך געשטאַנען און געקוקט. מיטאַמאָל איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן. אין דעם וואַקלענדיקן גאַנג האָב איך באַלד דערקאָנט מאָנישן און שטילער־הייט בין איך אים נאָכגעגאַנגען. דורך אַן אויפגעריסן ברעט פון פלויט, איז ער אַריין אין פאַדוואָזש, אויפגעוועקט דעם סטרוזש און מיט אַ פאָר מינוט שפעטער זיינען זייביידע אַריינגעגאַנגען אין דער גאַרבאַרניע. אײדער זיי האָבן נאָך געזדאָנזשעט צו פאַרמאַכן די טיר, בין איך שוין געווען אינווייניק. קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן די בלאַסקייט פון זיין פנים און די פלאַטערנדיקע טויט שרעק פון זיינע אויגן. און איך האָב דעמאָלט געפילט אַ מאָדנע הנאה צו האַלטן אים אין דערוואַרטונג. בין איך מיר אַזוי געשטאַנען אַביסל פונדערווייטנס און מיט אַ שמייכעלע געפרעגט: וואָס טוסטו אַזוי פרי אין פאַבריק, מאָניש, האַ? ער האָט גע־קלאַפט אַ צאָן אָן אַ צאָן און זיך געוואָרפן ווי אין קדחת: כ׳האָב געוואָלט, כ׳האָב געמיינט, בע מע. און מיטאַמאָל האָב איך גענומען שלאָגן. איך האָב געשלאָגן אומעטום וואו איך האָב נאָר געטראָפן, איבערן קאָפּ, איבערן פנים, מיט עפּעס אַזאַ מין חשק, גלייך מען וואָלט מיך צוגעלאָזט צו אַ שיין מיידל, האָט ער געוואונקען צו מאַנעסעס ווייב.

באַלד אָבער איז ער געוואָרן צוריק ערנסט און ווייטער דערציילט:

„ווען נישט דער סטרוזש, וואָס האָט מיך מיט גוואַלד אָפּגעריסן פון אים, ווער ווייסט צי איך וואָלט אים נישט געמאַכט פאַר אַ קאַליקע. שפעטער האָט מיך אויסטערליש באַנג געטאָן. און ביז היינט צו טאָג, ווען איך דערמאָן מיך ווי אַזוי ער איז געשטאַנען אַ צעשלאָגענער און צעשראָקע־

נער, איז מיר אַ חרפּה פאַר מיר אַליין".

„אַ כאָלערע זאָל עס נעמען, — האָט ער זיך צעשריען — גיי מאַך עפּעס דערמיט, אַז אַפילו קיין רעכטן קלאַפּ קאָנסטו קיין זעלכעס נישט דערלאַנגען".

אַ מינוט האָט געהערשט אַ שטילקייט, און פּלוצלונג האָט זיך דער־הערט הערשל מולארזשס קול: אָה, האָסטו דאָך דאָ ר' שמואל'ס זינדל. הער נאָר, תכשיט, דער טאַטע דיינער זאָרגט זיך עפּעס וואָס זיינס אַ חסיד איז היינט געשטאָרבן? האַ?

יאָסקע איז געבליבן שטיין ווי צעמישט, אינגאַנצן איז ער רויט געוואָרן פאַר בושה. קיינמאָל, קיינמאָל וועלן זיי אים נישט האַלטן פאַר אַ זייעריקן. געדאַכט האָט זיך אים, אַז דאָס וואָס מאנעס שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ פּונקט ווי אַן אבל, אַז דעם הויכן דודס דערציילן, פון וואַנען עס האָט געוויינט מיט טרויער געמישט מיט צאָרן, אַז דאָס אַלץ איז צוליב אים, ר' שמואלס זון. עס איז אים געוואָרן אַזוי ענג, גלייך די ווענט פון דער שטוב וואָלטן זיך פּלוצים צענויפגערוקט, מיט יעדער מינוט דערנענטערן זיי זיך אַלץ מער און מער, און אָט וועלן זיי אים אינגאַנצן צודריקן ביז צום אויספּעלן פון אָטעם . . .

„אפשר וואָלט איר, ר' הערשל, אָפּגעלאָזט מיט אַייערע פוילע וויצן?" האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שטימע פון יענעם עק שטוב. יאָסקע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער זייט פון וואַנען דאָס קול האָט זיך געהערט. מיט דער לינקער זייט אָנגעשפּאַרט אין וואַרשטאַט, און מיטן פּנים צו דער שטוב, איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע צוואַנציק. אַ שוואַרצע, צעפּלאָסענע טשופּרינע האָט זיך שטיפעריש אַרויס־געריסן פון אונטערן דאַשעק אַפּער. מיט דער לינקער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דעם רובאַניק, וואָס איז נאָך געלעגן אויפן קאַנט פון אַ ברעט, וואָס ער האָט געפּוגעוועט. זיינע שוואַרצע פינקלענדיקע אויגן האָבן גע־שיקט בייזע בליקן צו הערשלען, און ער האָט געזאָגט: „איר זייט טאַקע אַ ייד א חכם, ר' הערשל, אָבער וואָס אייגנטלעך ווילט איר פון דעם יינגל?" און ווענדנדיק זיך צו יאָסקען, האָט ער געזאָגט: „נעמט זיך נישט איבער מיט זיינע פּלאַפּלערייען".

יאָסקע האָט אויפגעהייבן די אויגן און אָנגעקוקט דעם פרעמדן.

עס זיינען פאַראַן פּנימער, וועמענס צאַרטקייט דערוואַרעמט פון ערשטן אייגנבליק, און עס זיינען פאַראַן בליקן, וואָס רייסן זיך מיט־

אַמאָל אַריין מיט אָן אַ שיעור ליכט אין האַרץ, לאָזן דאָרט איבער טיפע וואָרצלען און זאַפּן זיך אַיין אין אונדז אויף אייביק.

אויך מיט יאָסקען איז איצט געשען עפּעס ענלעכעס. דער פּרעמ־דער איז אייגנטלעך נישט געווען דאָס וואָס מען רופט: אַ שיינער מאַן. דערפאַר אָבער האָט זיין טונקל־אָליוו פּנים פאַרמאָגט אַזאַ מין אָפּנקייט, וואָס דערוועקט צוטרוי און גלויבן. די שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן מיט אַ מינוט פריער געשיקט אַזעלכע בייזע בליקן צו הערשל מולארזש, האָבן איצט געקוקט מיט אַזוי פיל מילדקייט אויף יאָסקען און מיט וואַרעמקייט זיך געגאָסן גלייך אין האַרץ אַריין. און מיטאַמאָל האָט יאָסקע דערפילט אַזאַ לייכטקייט אויפן געמיט, גלייך מען וואָלט אים אַראָפּגענומען פון האַרץ אַ שווערע משא וואָס דריקט.

פונדעסטוועגן האָט ער געפילט, אַז לענגער בלייבן דאָ קאָן ער איצט ניט. האָט ער געזאָגט אַ גוטע נאַכט און געוואָלט אַוועקגיין. נאָר דער פּרעמדער האָט זיך אָנגערופן: „וואַרט צו, יאסקע, מיר וועלן גיין גלייך, מיר האָבן איין וועג". ער האָט אַוועקגעלייגט די געצייג, געזאָגט מאַנעסן אַז ער וועט מאָרגן אָפּאַרבעטן די שעה, וואָס ער בלייבט היינט שולדיק. און ביידע זיינען אַרויס פון שטוב.

אַ שטיקל צייט זיינען זיי ביידע געגאַנגען אָן אויסצערײדן אַ וואָרט. יאָסקע האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, ווער אייגנטלעך איז דער פּרעמ־דער, וועלכער האָט זיך פאַר אים אָנגענומען. אַז ער האָט אומישנע אַוועק־געלייגט די אַרבעט, כדי צו גיין מיט אים גלייך, דאָס האָט מען דאָך באַ־שיינפּערלעך געזען. ער האָט געברענט פון נייגער צו וויסן ווער דער פּרעמדער איז. און איינצייטיק האָט ער דערפילט אַזאַ פאַרלאַנג יענעם האַרציק צו דאַנקען פאַר זיין וואַרעמקייט. ער האָט אָבער נישט פאַר־מאָגט קיין ווערטער. בלויז אַן איבערפלוס פון דאַנקבאַרקייט האָט פאַר־פלייצט זיין האַרץ און אָן אַ מאָס צוגעבונדנקייט, וואָס ער דערפילט צו דעם פרעמדן, גלייך ער וואָלט אים שוין געקאָנט זייט יאָרן.

דער פּרעמדער, גלייך ער וואָלט געטראָפן דעם יינגלס געדאַנקען, האָט איבערגעריסן די שטילקייט און זיך אָנגערופן: „איר קאָנט מיך מן הסתם נישט און וואונדערט זיך וואָס איך האָב מיך אַריינגעמישט?"

„איך אַייך קאָן יאָ. איך וואוין אַפילו אין שכנות מיט אַייך".

„איר דאַרפט זיך ניט נעמען צום האַרצן דעם יידנס לצנות. אייגנטלעך איז הערשל מולאַרזש אַ גאַנץ גוטער מענטש. ער האָט נאָר בלויז אַזאַ

טבע צו זאָגן וויצן. און איר זייט פּלוצלונג אַזוי רויט געוואָרן, גלייך מי יודע וואָס".

„אַ האַרציקן דאַנק אייך", האָט יאסקע פּלוצלונג אַרויסגעפּלאַצט, אַ האַרציקן דאַנק. און זיך מוראדיק פאַרשעמט.

„עט, נאַרישקייטן", האָט דער פרעמדער געשמייכלט.

זיי זיינען צוגעקומען פאַר יאסקעס שטוב. דער פרעמדער האָט אים דערלאַנגט אַ וואַרעמע האַנט, און געזעגנדיק געזאָגט: „איך הייס דוד טענענבוים. קומט אַמאָל אַריין צו מיר. איך וואוין אין דעם ערשטען הייזל נאָכן שעכטהויז. אין דער לינקער טיר. כאַפּט אייך ווען ס'איז אַריין צו מיר", האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט און זיי זיינען זיך צעגאַנגען.

מיט עטלעכע חדשים צוריק, איז אָנגעקומען אין שטאָט אַריין אַ פרעמדער יונגערמאַן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין מאַרק און זיך נאָכגעפרעגט וואו מען קאָן קריגן אַ ביליקע דירה, און אויב מעגלעך, אַביסל אונטער דער שטאָט. טייל יידן, וועלכע ער האָט אָפּגעשטעלט, האָבן געהייבן מיט די אַקסלען און געזאָגט, אַז זיי ווייסן נישט פון אַזעלכעס. אַנדערע האָבן אים אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט אין די אויגן און גאָר נישט געענטפערט. האָט ער זיך אַזוי אַרומגעדרייט אַ פאָר שעה מיט גאָר נישט, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף כילעלע משה גרשונס, אַ נידריק געפּאַקטער יונג מיט צוויי קליינע קאַלמיצקע אייגעלעך און אַ ברייטער צעפּלאַטשטער נאָז, וואָס האָט זיך צעשפּרייט כמעט איבערן גאַנצן פּנים.

כילעלע איז געוועזן דער גלאַוונער מעקלער פון שטאָט. ער האָט געקאָנט צושטעלן אַלץ צו וואָס איינעמס האַרץ האָט נאָר געגלוסט. האָט וועמער געדאַרפט דינגען אַ פור און נישט געהאַט קיין חשק צו גיין זוכן, אָדער סתם נישט געוואוסט וואו זיך צו ווענדן, איז גענוג געווען צו געבן אַ זאָג: „הער נאָר, כילעלע, איך דאַרף אַ פור". האָט וועמער באַדאַרפט קויפן אָדער פאַרקויפן וואָס פאַר עס איז סחורה, האָט כילעלע געוואוסט און געשאַפן דעם קונה אָדער פאַרקויפער. און אַז יאָשקע פאַרכס ווייב איז אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע וואָכן און יאָשקע האָט געוואָלט האָבן אַ פריילעכע נאַכט, האָט ער זיך אויך נישט געווענדט צו וועמען אַנדערש, און כילעלע האָט צוגעשטעלט וואָס יאָשקע האָט באַדאַרפט.

ווען דער פרעמדער יונגערמאַן האָט אים געפרעגט וועגן אַ דירה, האָט כילעלע געגעבן אַ הייב אויף די צוויי שפּילקע אייגעלעך און מיט אַ

זינגענדיק קולכל געגעבן אַ זאָג: „וואָס, אַ דירה? הינטער דער שטאָט? ס'איז דאָ".

ער האָט דעם פרעמדן צוגעפירט ביז נאָכן שעכטהויז. יענער האָט זיך נישט לאַנג געדונגען, באַצאָלט פאַר אַ חודש דירה געלט און געזאָגט, אַז די צווייטע וואָך וועט ער זיך אַריינציען.

מיט צען טעג שפעטער איז פאַרן הייזל נאָכן שעכטהויז צוגע־פאָרן אַ פור. קיין גרויס מעבלוואַרג איז אויף דער פור נישט געווען. אין משך פון געציילטע מינוטן האָט מען געזדאנזשעט אַלץ אָפּצולאָדעווען. צוזאַמען מיט דעם פרעמדן איז אויך געקומען אַ יונגע בלאָנדע נידעריקע פרוי מיט אַ קינד פון אַ יאָר פיר. אַזוי אַרום איז אין יענער געגנט, וואו עס האָבן נישט געוואוינט קיין יידן, אויסער די הקדש לייט ביים בית עולם — צוגעקומען אַ נייער יידישער איינוואוינער.

איצט טאַקע האָט זיך יאסקע דערמאָנט, אַז איינמאָל נאָכמיטאָג, האָט זיין מאַמע דערציילט אַ נייס מיט אַזאַ מין לשון: „ווייסט, שמואל, עפעס אַ נייער שלעפער האָט זיך אַריינגעצויגן צו וויטעקן אין הייזל, מען וועט דאַרפן אַכטונג געבן די קאַמער פון האַלץ זאָל זיין גוט באַוואָרנט, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שנאָרער אָדער דראב דאָס איז".

„אודאי וועט מען דאַרפן אָנהייגען אַ נייעם שלאָס", האָט ר' שמואל געענטפערט און די בן יחידישע קנייטשעלעך אויף זיין שטערן זיינען ווי טיפער געוואָרן, גלייך זיי וואָלטן אים באַדויערט, צוליב די פרישע דאגות, וואָס ער מוז כסדר טראָגן אויפן קאָפּ. קומט עפעס אַ שלעפער, האָט ער נישט קיין אַנדער הויז וואו אַהין זיך צו ציען, נאָר לעבן ר' שמואלן, דעם שוואַכן און איידעלן ייד און פאַרשאַפן אים קלאָפּאָטן און קאָפּדאַרעניש.

אין דער ערשטער מינוט איז יאסקע געווען טשיקאַווע צו וויסן ווער עס איז דער פריש געקומענער. נאָר באַלד האָט ער דארין פאַרגעסן, אויך אין שטוב איז מער דערפון קיין רייד נישט געווען, בפרט, אַז פון ר' שמואלס שטוב און פון די שפייכלערס האָט קיין שום זאַך נישט גע־פעלט.

ווי שוין דערמאָנט, האָט דער פרעמדער אינגאַנצן נישט געהאַט קיין באַקאַנטע אין שטאָט. די דייטשן האָבן דעמאָלס געלייגט אַ שאָסיי ביז דעם דערנעבנדיקן שטעטל און מענטשן האָבן געהאַט באַשעפטיקונג פאַר צוויי מאַרק אַ טאָג. און אויך דער פריש־געקומענער האָט דאָרט גע־אַרבעט.

איין טאָג, אַרום עלף אַזייגער פאַרמיטאָג, איז די פרעס־מאַשין עפּעס קאַליע געוואָרן. האָבן די מענטשן געמוזט איבערלאָזן די אַרבעט און גיין אַהיים. ווען דער פרעמדער יונגערמאַן איז דורכגעגאַנגען די באַד גאַס און זיך געוואָלט פאַרנעמען צו דער קעמבלעווער גאַס, וואו ער האָט געוואוינט, איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ ייד. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן פּנים לפּנים. דער פרעמדער האָט געכאַפּט אַ בליק אויף דעם ייד און שוין געוואָלט ווייטער גיין, נאָר יענער האָט געוואָרפן אויף אים אַ שאַרפן בליק. אַ רגע איז ער געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. באַלד האָט ער מיט האַ־סטיקייט אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו יענעמס פּנים, אַזוי ווי עס טוען גע־וויינטלעך מענטשן, וועלכע צווייפלען אַ מינוט אין דער ריכטיקייט וואָס די אויגן זען.

„דוד, האָט דער ייד כמעט געשריגן, ווען איך זע, וואָס טוסטו דאָ? און פון וואַנען דערנעמסטו דיך אין אַזאַ הולדך?"

„איך וואוין דאָ הי", האָט דער יונגערמאַן שמייכלענדיק געענט־פערט.

„דו וואוינסט דאָ?" האָט זיך דער ייד ניט געקאָנט אָפּוואונדערן, און אָפּמעסטנדיק יענעם פון קאָפּ ביז די פיס, האָט זיך אויף זיין אויסגעפּילט פּנים מיט די רויטע באַקן, באַוויזן אַזאַ שניידנדיק חוזק שמייכעלע. מיט איין האַנט האָט ער אַ גלעט געטאָן דאָס גראָע בערדל און מיט מכלומרשטע באַדויערונג, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט איראָניע, אַ זאָג געטאָן: „גלויב מיר דו אַרבעסט אויפן שאָסיי?"

„געטראָפן", האָט דוד געשמייכלט.

„נע־נע־נע, האָט דער ייד נאָך אַלץ זיך געגלעט דאָס בערדל, שיין האָסטו אויסגעפירט, דוד: יצחק טענענבוימס זון אַרבעט פאַר צוויי מאַרק אַ טאָג אויפן שאָסיי. זאָג מיר, איך בעט דיך, איז ער נישט אָפּגעשטאַנען, וואָס האָסטו אויסגעפירט? און בכלל, איז דיין שורש פעהיק צו אַרבעט? צו אַרבעט טויג נאָר יענער וואָס איז פון אבות אבותיו געוואוינט דערצו. אָבער אונזער שטייגער, אַפילו על פי חקירה, האָט ער געוואָלט אָנהייבן אַ ווייטערדיקן שמועס. לאָמיר עס אָפּלייגן אויף ווען אַנדערש שפּעטער", האָט דוד אַ שמייכל געטאָן, און געזאָגט אַ גוטן טאָג . . .

נישט אומזיסט האָט דוד טענענבוים געוואָלט אויסמיידן דאָס טרעפן זיך מיט זיין פעטער. די איצטיקע באַגעגעניש און דער קורצער שמועס האָבן טאַקע אויף אַ צייט לאַנג אים אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט,

צעטרייסלט זיין געמיט־צושטאַנד און אויף אַ ווייל אים אַרויסגעריסן פון זיין היינטיקן אַרט לעבן, צו וועלכן ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צוצופּאַסן. ווייל, אינאמתן האָט דער ייד רעכט געהאַט זיך צו וואונדערן, טרעפנדיק יצחק טענענבוימס זון אַלס אַרבעטאָרער אויפן שאָסיי פאַר צוויי מאַרק אַ טאָג. דוד האָט געשטאַמט פון אַ שכנותדיק שטעטל. זיין טאַטע, יצחק טענענבוים, איז געווען אַ ייד אַ גביר, אַ קאָצקער חסיד און אַן אייגנטימער פון אַ גרויסער פאַראָוועסער מיל. ער האָט נישט געהאַט קיין נחת יצחק פון זיין דריטן זון, דוד. ער האָט דוקא פאַרמאָגט אַ שאַרפן קאָפּ צום לערנען. אָבער צו זעכצן יאָר האָט ער אַוועקגעלייגט די גמרא. מילא, האָט דער טאַטע געטראַכט, וועט ער אַריינגיין אין געשעפט, וואו עס איז פאַראַן אַזוי פיל צו טאָן. אָבער אויך דער מסחר האָט אים נישט גע־צויגן. האָט דער פאָטער אים אַריינגענומען אין קאַנטאָר פון דער מיל ער זאָל צוהעלפן פירן די ביכער. מער ווי אַ יאָר צייט איז ער געזעסן אין קאַנטאָר. פאַרשריבן אין די ביכער, געזען מענטשן אַרבעטן פאַר צוויי רובל אַ וואָך, ווערן אויסגעריסן צוועלף שעה אַ טאָג אין שווערע האַרע־וואַניע פאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט. און ביי זיי אין שטוב איז גענוג גע־ווען עס זאָל וועלכעס פון די קינדער מאַכן אַ קרומע מינע און הונדער־טער זיינען געפלויגן. דאָס געפּילפּולע יינגל האָט גענומען טראַכטן וועגן אָט דעם סדר העולם, וואָס איז פול מיט ווידערשפּרוכן. עס איז אים מיטאַמאָל ענג געוואָרן אין דער אַרומיקער זאַטקייט. און אין אַ שיי־נעם העלן טאָג איז ער נעלם געוואָרן פון שטוב. אַז מען איז מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער געוואר געוואָרן, אַז דוד לערנט זיך סטאָלעריי, האָט דער טאַטע געשמייכלט. אינדערשטיל, כאָטש עס איז שוין געווען אַ געניגנדיקער פלעק, וואָס זיינס אַ זון איז גאָר געוואָרן אַ סטאָליער יונג, איז ער געווען צופרידן, ווייל ער האָט געטראַכט: ווי לאַנג וועט אָט דאָס צעפּיעשטשעטע יינגל אָנהאַלטן מיט אָט דער נאַרישקייט? נאָך אַ פּאָר וואָכן וועט אים דאָס גאַנצע עסק פאַרמיאוסט ווערן, וועט ער אַהיימ־קומען, צוריק זיך נעמען צו די ביכער, דערנאָך וועט ער טאָן מיט אים אַ שידוך, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר זיין שטייגער.

עס איז פאַרביי אַ חודש, צוויי, אַ האַלב יאָר, אַ יאָר און דער יונג איז נישט צוריקגעקומען. נישט איינמאָל האָט יצחק טענענבוים גע־טענהט (פאַרשטייט זיך בלויז פאַר אייגענע): כ׳האָב געזען יונגען זיינען אַנטלאָפן פון דער היים, זיינען זיי געוואָרן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינ־

זשיניערן, און דאָס איז געוואָרן אַ סטאָליער. אַ רייך משוגעת רחמנא לצלן.

עס זיינען פאַרגאַנגען יאָרן. שווערע צייטן האָט דוד דורכגעמאַכט, ביז ער האָט זיך צוגעוויינט צו דעם נייעם אַרט לעבן זיינעם. עס זיינען געווען צייטן, ווען ער האָט זיך געבראָכן אונטער דער שווערער לאַסט פון אַן אַרבעטער־לעבן. און אָפּטמאָל האָט זיך אים געדוכטן, אַז סוף כל סוף וועט ער זיך מוזן אונטערגעבן, און שלום מאַכן מיטן טאַטן, וועל־כער האָט אים אייגנטלעך גאָר נישט געטאָן קיין שלעכטס. אָבער אין די טיפענישן פון זיין אינערלעך וועזן, האָט אַ שטימע אונטערגעזאָגט: אויב עס וויל ווער זייך אין דער מחנה פון געשלאָגענע, זיינען שיינע ווערטער גאָר נישט מיט גאָרנישט. נישט אַלייך לעבן אין רחבות, נאָר מען דאַרף אַלייך מיטמאַכן און דורכלעבן זייער שווערן גורל.

האָט ער אויסגעהאַלטן און זיך נישט אונטערגעגעבן.

די היינטיקע שווערע צייט האָט זיך געלייגט אויף אים מיט אַ סך דערשלאָגנקייט. אין ווארשע איז אוממעגלעך געווען צו לעבן. צום טאַטן נאָך הילף, האָט ער נישט געוואָלט זיך ווענדן, בפרט דער שידוך וואָס ער האָט געטאָן, איז אויך נישט געווען לויט דעם פאָטערס יחוס. איז ער דעריבער אַהערגעקומען אין שטעטל, וואו עס איז גרינגער געווען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט און קאַרטאָפּלע.

איצט, ווען דער פעטער האָט אים געטראָפן און געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס, האָט דוד דערפילט, עפּעס אַ שוואַכקייט, עפּעס ענלעכעס צו באַדויערונג, און כאָטש עס האָט נישט געקאָנט שוין זיין קיין רייד איצט האָבנדיק אַ פרוי מיט אַ קינד, ווען צוריקגיין צום טאַטן, האָט ער אָבער דערפילט אַזאַ אינערלעך וואַקלעניש, וואָס האָט שטאַרק ווי געטאָן.

ער האָט זיך דעמאָלס לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די גאַסן. און, וויזט אויס, איז שוין דער טאָג געווען אַזעלכער, וואָס האָט דודן גע־בראַכט אייך באַגעגעניש נאָך דער אַנדערער. גייענדיק אין גאַס איז אים אַנטקעגנגעקומען מאנעס סטאָליאר. יענער האָט געקאָנט דודן, פון דער צייט נאָך, ווען ער האָט זיך געלערנט דאָס פאַך. מאניס האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דודן, און געוואָרוועןנדיק אַז ער וואוינט דאָ און אַרבעט אויפן שאָסיי, האָט אים מאניס פאָרגעשלאָגן: אַזוי ווי ער האָט היינט אַביסל אַרבעט, קאָן ער אים אויך געבן צו פאַרדינען. אַזוי אַרום איז דוד טענענבוים געבליבן אַרבעטן מיט מאניסן.

יאסקען האָט ער דאָס ערשטע מאָל געזען, יענעם פרימאָרגן, ווען

הערשעלע גזלן האָט ביי אים אַרויסגעכאַפּט דאָס פּעקעלע מיט עסן. דוד איז פּונקט דורכגעגאַנגען. ער איז געבליבן שטיין און געזען ווי דאָס ייִנגל איז אין דער ערשטער רגע צוגעלאָפן צו הערשלען. באַלד וועט זיין אַ געשלעג, האָט דוד געטראַכט, און מיטאַמאָל האָט ער דערזען, ווי דאָס ייִנגל האָט זיך אינמיטן לויפן פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, אַ רגע געשטאַנען פאַרטראַכט און שוין נישט מיט קיין אויסדרוק פון רציחה אויפן פּנים, און אויך נישט מיט קיין רחמנות מינע, נאָר גיכער מיט אַזאַ שטיפערישן שמייכל אויפן טונקעלן פּנים, האָט ער זיך מיט געלאַסענע טריט דער־נענטערט צו הערשלען, וועלכער איז אגב נישט אַנטלאָפן און געשטאַנען און געשמאַק געמאָלן מיט ביידע זייטן ציין, אַז די באַקן האָבן זיך אַזש געהייבן אַרויף און אַראָפּ — און אים געפרעגט: ביזט הונגעריק, הער־שעלע? פון דער פראַגע האָט זיך נישט געטראָגן קיין טאָן פון רחמנות־דיקייט צוזאַמען מיט אַן אייגן צופרידנקייט, וואָס איז אַזוי אייגנטלעך דעם נדבה געבער. גיכער זיינען די ווערטער אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ טאָן, ווי ווען צוויי גאָר נאָענטע מענטשן גייען צוזאַמען און איינער פרעגט דעם אַנדערן: עס הונגערט דיך?

דוד האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ וואַרעמקייט צו דעם ייִנגל. אַז ער איז אַ רייך ייִנגל, האָט מען דערקענט אי פון זיין גוט אויסזען און אי פון זיין אָנטועכץ און פון דעם געשמאַקן פרישטיק, וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט. און דוד טענעבבוים האָט דערפילט עפּעס אייגנס, נאָענטס, וואָס האָט אויף אים אַ ווייע געטאָן מיט אייגענע קינדער יאָרן.

ער האָט שפּעטער דערציילט מאַניסן אָט די סצענע און אים אָפּ־געמאָלט דאָס ייִנגל. „עס איז דאָך יאסקע, האָט מאַניס געשמייכלט, ר׳ שמואל נירמאַנס ייִנגסטער זון, דיין שכן”.

היינטיקן אָוונט, ווען יאסקע איז אַריינגעקומען צו מאַניסן און אַלע האָבן געשמועסט פון מאַנישן, האָט דוד כסדר געהאַלטן אַן אויג אויף אים. ער האָט דערקאָנט, אַז דאָס ייִנגל פילט זיך עפּעס נישט מיט אַלע־מען, גלייך ער וואָלט געווען דער שולדיקער אין דעם עלנטן לעבן און היינטיקן טויט פון זיין טאַטנס געוועזענעם אַרבעטאָרער. ווען הערשל מו־לאַרזש האָט אים אָנגעהייבן דערקוטשען מיט זיינע חכמות, האָט דוד דערפילט אַ טאָפּלטע וואַרעמקייט צו דעם אומבאַהאָלפענעם ייִנגל און ער האָט זיך אַריינגעמישט איבעררייסנדיק דעם ייִדנס לצנות. און ער האָט אויך אומישנע אָוועקגעלייגט פריער די אַרבעט, כדי צו גיין מיט דעם ייִנגל גלייך.

## קאַפּיטל 11.

דאָס מאָל האָט משה'לעס „נישט געזונט זיין" זיך פאַרצויגן צו לאַנג. דאָס היינטיקע ליגן זיינס אין בעט, איז אינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו דעם „איבערליגן זיך" וואָס פלעגט זיך אַזוי אָפט טרעפן ביי אים. פון יענעם טאָג אָן, זייט יאסקע מיט שלומען זיינען דאָס ערשטע מאָל געווען אים מבקר חולה זיין און יאסקע איז אַוועק פון דאָרט אַזאַ צע־ווייטיקטער און צעבראָכענער, דערפילנדיק דאָס ערשטע מאָל אָט די אומ־באַשטימטע אַנגסט און שרעק פאַר דעם שאָטן פון טויט, זיינען שוין פאַראיבער עטלעכע וואָכן. אין משך פון אָט דער צייט, איז ער אַסך מאָל געווען ביי זיין קראַנקן חבר. משהלע פלעגט זיך נאָך אַלץ אַזוי פרייען מיט אים, פונקט אַזוי ווי ביי דעם ערשטן מאָל פון זיין קומען. ער האָט געשמייכלט און געזאָגט: אייגנטלעך ווייס איך אַליין נישט צוליב וואָס איך ליג נאָך אַלץ אין בעט. סך הכל בין איך געזונט ווי אַ ביק, איך עס און טרינק און כ'גיב נישט קיין הוסט און די מאַמע לאָזט מיך נאָך אַלץ נישט אָנטאָן. איך קאָן נישט פאַרשטיין וואָס זי ציטערט אַזוי איבער מיר? נאָר דו וועסט זען, יאסקע, איך וועל מיך געבן אַ צעבייזער, וועל איך מיך געבן אַ טו אָן און מעג די מאַמע מיינע שרייען און זיך בייזערן וויפל איר הארץ גלוסט, — האָט ער מיט אומגעדולד אין קול אַ זאָג געטאָן. יאָ, האָט ער זיך דערמאָנט, און וועגן דעם וואָס מיר האָבן אָפּגעשמועסט צו נעמען אַ לעקציע ביים לערער שאַפּיראָ, האָסטו דיך געזען מיט אים? נאָך נישט? איז טאַקע גלייכער, וועלן מיר שוין ביידע צוזאַמען דאָרט צוגיין. און בכלל, יאסקע, וועסטו זען, פון היינט אָן וועל איך מיך בשום אופן נישט לאָזן מער אַזוי פיל „נאַניען" פון דער מאַמען מיינער; אַז איך זע באַשיינפּערלעך: דאָס גאַנצע נישט געזונט זיין מיינס איז נאָר צוליב דעם וואָס זי ציטערט אַזוי איבער מיר. ווינטער וועל איך מיך גליטשן

און זומער וועל איך מיך באָדן אין טייך. פֿאַרשטייט זיך נאָר אין אַ גוט הייסן טאָג, — האָט ער געמאַכט אַ קאָנצעסיע דער מאַמען.

אַזוי האָט משהלע געשפּינען חלומות וועגן אָנהייבן אַ לעבן, גלייך מיט אַלע געזונטע יינגלעך. און טשיקאָווע, קיינמאָל האָט ער וועגן אָט די זאַכן נישט גערעדט און אודאי קיין ענלעכע פּלענער נישט געבויט; נאָר איצט, ליגנדיק אין בעט, פון וואַנען ער איז שוין מער נישט אויפֿגעשטאַנען, האָבן ביי אים אין געדאַנק זיך גענומען שפּינען אָט די פעדים, וועגן אַ באַנייט און געזונט לעבן. און געדוכטן האָט זיך יאָסקען, אַז דאָס ווייל איצט זיין חבר משהלע זיך אָפּנעמען פאַר די גאַנצע פערצן יאָר וואָס ער האָט געלעבט אַ געפּענטעטער אין נעץ פון זיין קראַנקן שטאָם; און איצט וועט ער מיטאַמאָל אַראָפּוואַרפן פון זיך אָט דעם שווער־דריקנדיקן הויקער.

זיין מאַמע האָט דאָס אַלץ געהערט. אויף איר פּנים פּלעגט זיך באַווייזן אַ שמייכל. אויף אַ רגע האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן מיט אַ בליץ פון האָפנונג: „זייער שיין, משהלע, איך וועל שוין טאַקע נישט אַזוי ציטערן איבער דיר. מיין דאגה, באָד זיך אין טייך און גיי אויפן גליטש".

„זעסט שוין, מאַמעשי — האָבן משהלעס אויגן גענומען פינקלען —זעסט שוין, אַז איך בין גערעכט, אַלץ קומט פון דיין צופיל פּלאַטערן איבער מיר". און די מאַמע האָט שוין געפונען אַן אויסרייד אַרויסצעשאַרן זיך פון צימער, ווייל זי האָט דערפילט אַזאַ פייכטקייט אין די אויגן. — הלואי רבונו של עולם — האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט — הלואי, האָט זי זיך געווישט די אויגן מען זאָל נישט דערקענען די סמנים פון טרערן.

און משהלעס זיכערקייט איז אויך אַריינגעדרונגען אין יאסקען. אפשר, האָט ער געטראַכט, אפשר וועט ער טאַקע צוריק געזונט ווערן; מאַלע וואָס זיין טאַטע איז געשטאָרבן יונגערהייט. און מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַזאַ פרייד, וואָס האָט געקוואָלן אין יעדן קעמערל פון זיין האַרצן. זאָל ער נאָר אויפשטיין משהלע. יעדע פרייע מינוט וועט ער מיט אים פאַרברייגנגען: און חברים, גוטע פריינט וועלן זיי זיין דאָס גאַנצע לעבן. פונקט ווי דוד מיט יונתן. וועגן אָט דער תנך פריינטשאַפט האָט יאָסקע אַסך מאָל געחלומט. אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער אָט די ביידע געשטאַלטן געזען ווי לעבעדיק פאַר די אויגן: דוד, אַ שיין שוואַרץ האָריק יינגל מיט צוויי פלאַמיק־גליענדיקע אויגן, און יונתן, אַ הויכער שלאַנקער יונגערמאַן מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר, אַ בלייך פאַרחלומט פּנים און צוויי

בלויע, ווי אין פרימאָרגן טוי זיך טונקעלדיקע אויגן. דוד, אַזאַ רירעוודי־קער, ענערגישער, און יונתן, אַזאַ גוטמוטיקער, אַ צאַרטער און אייביק פאַרחלומטער. מיט אַזעלכע אויגן האָט ער געזען אָט די צוויי תנך גע־שטאַלטן, וואָס האָבן ממלא געווען איינער דעם צווייטנס האַרץ און נשמה. יאָ, אַזאַ ענלעכע פריינטשאַפט וועט זיי ביידע צענויפבינדן פון היינט אָן, אויף אייביק.

און ווי עס איז דער שטייגער, ווען מענטשן זיינען ווייט פון נאָענטע, אָדער ווען אַן אייגענער ווערט, חלילה, קראַנק, וואַקסט אויס יעדע קליינע עולה וואָס מען איז קעגן זיי באַגאַנגען און נעמט אָן די געשטאַלט פון גרויסע זינד, אַזוי איז אויך איצט, אין יאָסקעס פאַנטאַזיע, יעדער מינד־סטע מיספאַרשטענדניש צווישן זיי, אויסגעוואָקסן און אָנגענומען דאָס גע־שטאַלט פון שרעקלעכע עולהס. אָבער, דאַנקן גאָט, משהלע איז שוין כמעט אינגאַנצן געזונט און פון היינט אָן וועט אַלץ זיין אַנדערש.

דורכגענומען פון אַזעלכע מחשבות, פלעגט יאָסקע פאַרלאָזן זיין קראַנקן חבר און צומאָרגנס ווידער קומען. משהלען איז שוין אינגאַנצן געווען בעסער; ער איז שוין אַפילו אַראָפּגעגאַנגען פון בעט, נאָר אַרויס־געגאַנגען אין דרויסן איז ער נאָך נישט, ווייל דאָס וועטער איז געווען פויל און רעגנדיק.

און מיטאַמאָל האָבן אַלע לופט שלעסער, וועלכע עס האָט אַזוי שיין אויסגעשפּינען משהלע, זיך גענומען צעפאַלן און צעשיטן ווי שטויב.

איינמאָל נאָכמיטאָג, ווען יאָסקע איז ווי געוויינטלעך געקומען צו זיין חבר, האָט ער אין דער ערשטער שטוב געטראָפן משהלעס מאַמע זיצן אַ פאַרוויינטע. עס האָט אים געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרץ. אַ רגע איז ער געבליבן שטיק, די פיס אונטער אים האָבן גענומען ציטערן ווי אונ־טערגעהאַקטע און ווען ער האָט געוואָלט אַריינגיין אין דעם צימער וואו משהלע איז געלעגן, האָט אים שרה מיט דער האַנט פאַרשטעלט דעם וועג און שטיל, צולייגנדיק אַ פינגער צו די ליפּן, געזאָגט, אַז משהלע האָט ווידער היינט אינדערפרי געקראָגן אַ שווערע אַטאַקע. ער שלאָפט איצט און עס איז גלייכער אים נישט וועקן. ער האָט געוואָלט פרעגן וואָס עס איז געשען, נאָר פון איר זיצן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אוי'ף ביידע הענט, און פון די פאַרוויינטע אויגן וואָס זי האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט, האָט ער אַרויסגעפילט אַזאַ שטומען צער פון אַ מענטש,

וואָס אין זיין שווערן ווייטיק וואָלט ער בלויז געוואָלט מען זאָל אים לאָזן צוריו און אַליין. האָט ער גאָר נישט געפרעגט און שטיל זיך אַרויסגע־שאַרט פון שטוב.

צומאָרגנס איז ער נאָך אַמאָל געקומען. דאָס מאָל האָט מען אים שוין יאָ אַריינגעלאָזט צו משהלען. ער איז געלעגן אַ בלאַסער און אויס־געמאַטערטער נאָכן נעכטיקן בלוט־שטורץ. ביי יאסקעס אַריינקומען האָט ער אים מיט דער האַנט אָנגעוויזן אַ שטול ער זאָל זיך אַנידערזעצן, ווייל ער האָט נישט געטאָרט רעדן. נאָר וואו איז אַהינגעקומען יענער פריי־דיקער בליק פון זיינע אויגן מיט וועלכן ער פלעגט שטענדיק באַגעגענען יאסקען? איצט האָבן זיינע אויסגעלאָשענע אויגן געקוקט מיט מידקייט און אויף זיין פאַרמאַטערט בלייך פנים האָט זיך צעלייגט אַזאַ מינע פון אומגעדולד, גלייך ער וואָלט בלויז געוואָלט איין איינציקע זאַך: מען זאָל אים לאָזן אַליין.

ביי יעדן מאָל אַריינקומען, האָט זיך יאסקען געדוכט, אַז ער איז דאָ אַן איבעריקער, ער האָט דאָס אַרויסגעלייענט פון דעם איינגעשפאַרטן שטיל־שווייגן, מיט וואָס שרה האָט אים יעדעס מאָל פון זיין אַריינקומען באַגעגנט. אַמאָל פלעגט זי זיך אַזוי האַרציק פרייען מיט אים און געבעטן ער זאָל זיין אַן אָפטער גאַסט, היינט האָט זי קוים געענטפערט אויף זיין גוט מאָרגן, און געדוכטן האָט זיך יאסקען, אַז סיי משהלע און סיי זיין מאַמע גלויבן שוין אַליין נישט אַז ער זאָל נאָך אַמאָל געזונט ווערן; און אַז אין יעדן געזונטן יינגל זעען זיי אַזאַ רייצן זיך פון גורל. און יאסקע האָט זיך דערפילט שולדיק אַנטקעגן זיין קראַנקן חבר דערמיט וואָס ער איז דוקא אַזאַ געזונטער.

ער האָט זיך יענעם אָוונט נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט; עפעס אַזאַ שטילער אומעט האָט גענאָגט און געצויגן; איז ער דעריבער תיכף נאָכן אָפעסן וויעטשערע, אַוועק פון שטוב און געגאַנגען צו זיין חבר שלום. דאָרט איז, ווי שטענדיק, געווען לעבעדיק און היימלעך.

אין היפך צו יאסקעס היים, וואו אין די גרויסע שטובן, אָנגעשטעלטע מיט דעם מאַסיוון און שווערן מעבל, מיט די דיקע פאָרהאַנגען איבער די פענצטער, צוליב וואָס עס האָט אייביק דאָרט געהערשט אַ האַלבער טונקל, און איבער די גלאַטיק אָפגעפּאַרבטע פאָדלאָגעס מיט די ווייכע טעפּי־כער האָבן זיך די שטוב מענטשן געשאַרט מיט אַזעלכע ווייכע שטילע טריט, וואָס האָבן אָנגעיאָגט טרויער און אומעט—אין היפך צו זיין איי־

געגער היים, איז דאָ, אין דער איינציקער שטוב, וואו די גאַנצע משפּחה האָט זיך אויפגעהאַלטן, צוליבן יקרות אין באַהייצונג, געווען אַזוי ראַשיק און לעבעדיק. אונטערן פּיעציק האָט געקנאַקט אַ פריילעך פייער, און די אייזערנע פּליטן און אַ שטיק רער זיינען געווען אָנגעגליט אויף רויט. שלומס מאַמע איז געשטאַנען אַ צעפלאַמטע ביים פּיעציק און מיט אַ לעפל פאַרזוכט פון דעם גרויסן טאָפּ; פון גאַס האָבן זיך אָנגעהייבן צענויפ־קומען די קינדער; אַלע זיינען זיי אַריינגעקומען מיט דעם אייגענעם פּיזמון: „מאַמע, דאָס עסן איז פאַרטיק? איך שטאַרב פון הונגער". און די מאַמע, מיט איין האַנט פאַרריכטנדיק דאָס פאַטשיילעכל אויפן קאָפּ וואָס האָט זיך כסדר, ווי אויף צו להכעיס, אַרויפגערוקט, און מיט דער אַנדערער האַנט שוימענדיק דאָס געקעכטס, האָט אַלעמען געגעבן דעם אייגענעם ענטפער: „איין רגעלע חנהשי, איין מינוטקעלע, משה לעבן". גיכער, גיכער, האָבן זיי אונטערגעיאָגט, און די מאַמע האָט מיט אַ האַלב פּנים אויסגעדרייט צום טאָפּ, און מיטן אַנדערן האַלבן פּנים צו יאסקען גערעדט: „קיין עין הרע, אַזוי ווי די וועלף באַפאַלן זיי מיך, כ'ווייס גאָר נישט, יאסקעשי קרוין, האָט זי זיך אינגאַנצן אויסגעדרייט צו אים, כ'ווייס גאָר נישט וואָס מיט זיי פאַסירט; אַמאָל, ווען עס האָט זיי נישט געפעלט פון כל טוב, זיינען זיי קיינמאָל נישט געווען הונגעריק און שלומעלען האָט מען געמוזט צוצאָלן צו יעדן איי אַ צענערל, אַז נישט האָט ער נישט געגעסן. און היינט, פאסטנע קאַרטאָפלעס וואָלט דאָס געשלונגען". דער־ווייל איז דער טאָפּ אויסגעלאָפן און די צעגליטע פּליטן האָבן גענומען שרייען, גלייך מען וואָלט זיי אָפּגעבריט.

„אוי אַ בראָך איז מיר געשען, האָט זי אָנגעהייבן שרייען, כ'האָב דאָך שוין באַלד נישט וואָס אויפצוגעבן, וואָס ווילטץ פון מיין לעבן? אַז דאָס זיינען הישעריקן, נישט קיין קינדער, אַז עס קומט זיי אָן דער פּרעס, פאַלט מיר אַלץ פון די הענט".

אָבער דאָס בייזערן האָט לאַנג נישט געדויערט. פון דעם עסן איז קיין סך נישט אויסגעלאָפן און באַלד האָט זי זיך געפּאָרעט ביי די טע־לערס, דערלאַנגענדיק צום טיש שוין ווידער אַ שמייכלענדיקע און צע־פרידענע גלייך עס וואָלט גאָר נישט געשען. און יאסקען האָט זיך גע־דוכטן, אַז אייגנטלעך געדענקט זי שוין אַליין נישט, אַז מיט אַ מינוט פריער האָט זי זיך געבייזערט און געשריגן.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש, און שלומ'ס מאַמע איז צוגעשטאַ־

נעך צו יאסקען ער זאָל פאַרזוכן אַביסל באָרשטש. „אָבער איך האָב דאָך איצט נאָר וואָס אָפּגעגעסן", האָט ער זיך געוועדט. זי איז נישט אָפּ־געשטאַנען און ער האָט געמוזט זופּן אַ באָרשטש. „און אפשר אַ פּאָר קאַרטאָפלעס, יאסקעשי? הא, ווי געפעלט דיר מיין כיבוד?" האָט זי גע־לאַכט.

דערווייל האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען טויביהלע. דאָס איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען. ער איז געווען אַ יתום וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין שטעטל און איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי שלומס מאַמע. זי האָט שטענדיק, אַפילו אין די הייִנטיקע שווערע צייטן, געהאַט פאַר אים אַביסל עסן און אַ גלאָז טיי. אַזעלכע איז זי שוין געווען שלומס מאַמע; ביי איר אין הויז האָבן שטענדיק געהאַט אַן אָפּלאָג אַלע אָרימע לייט, די אַלע האַלב־משוגענע און שנאָרערס וואָס האָבן נישט איינמאָל צוגעשלעפּט פון קיך וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. דעם דאָ־זיקן מנהג האָט זי געירשנט פון דער מוטער אירער, אַ גוטמוטיקע ייִדענע, וועמענס שטוב איז אייביקע יאָרן געווען אָפן פאַר אַלעמען. אַמאָל, אין די אַלטע גוטע צייטן, ווען ביי שפרה משה אָרעלעס איז געווען אַ שטוב פון כל טוב, פלעגט כמעט טאָג טעגלעך דאָרט אַריינקומען רחל׳ע די שוחטקע. דאָס איז געווען אַן אַלטע ייִדענע, אַן אלמנה, ווער ווייסט ווי לאַנג שוין, נאָך אַן אַלטן שוחט. שטענדיק האָט אָט די ייִדענע געהאַלטן אין איין קלאָגן, אַז זי איז נעבעך חרוב קראַנק.

שפרה פלעגט אַרויסנעמען פון שאַנק און דערלאַנגען צום טיש אַביסל ווישניק, איינגעמאַכטס און מכבד זיין רחלען. יענע האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, מיט פרום־פאַרגלאָצטע אויגן האָט זי געמאַכט אַ ברכה, אָנגעריבן די פינגער אין די רייפן פון פעסל וואַסער, אויסגעצייגן דאָס שפּיציק־שאַרפע גאָמבעלע און אַריינגעגאָסן איין גלעזל נאָכן אַנדערן און פרום געקרעכצט: „אַי שפרהשי קרוין, די גאַנצע וועלט עולם הבא האָסטו דיר געקויפט".

אויך ביי דער טאָכטער איז געווען אַזאַ אָפענע שטוב. אמת, הייִנ־טיקע צייטן האָט מען דאָ נישט געקאָנט קריגן נישט קיין ווישניאַק און נישט קיין איינגעמאַכטס, אָבער אַביסל עסן און אַ גלאָז טיי האָט מען שטענדיק געטראָפן. האָבן טאַקע אָט די אַלע לייט געהאַט דאָ כמעט אַן אייגענע שטוב וואו אַריינצוקומען. עס האָט זיי געצייגן דאָ אַהער, ווייל אַ חוץ דאָס ביסל עסן און דאָס גלאָז וואַרעמס, האָט מען זיי דאָ באַהאַנדלט

נישט פון אויבן אַראָפּ, נאָר כמעט ווי אייגענע, אַזוי ווי גלייכע מיט גלייכע. און וויפל שלומס טאַטע, אַ ייִד, ווי שוין דערמאָנט, אַ שטאָלצער און מיט אַ ברייטן פאַרנעם, האָט זיך געווערט און אַנטקעגנגעשטעלט אָט די אַלע שלעפּערס, האָט עס אים אָבער גאָר נישט געהאָלפן. פאַרשטייט זיך, ווען ער איז געווען אינדערהיים, האָבן זיי נישט געוואָגט דאָרט אַריינצושמעקן. אַזוי ווי אָבער ער איז נאָך יום־טוב אַוועקגעפאָרן, זיינען זיי ווידער גע־קומען און שלומס מאַמע האָט זיך דערפרייט מיט זיי, פּונקט ווי מען דער־פרייט זיך מיט טייערע און אָנגעלייגטע געסט.

„אָ, ביילעשי, טוביהלע וואָס מאַכסטו? אפשר אַ גלאָז טיי? אפשר וועסטו עפּעס עסן?" אַזעלכע איז זי געווען. און אויך איצט האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט מיט טוביהלען. „גוט טוביהשי וואָס ביסט אַריינגע־קומען, וועסטו טאַקע עסן אַ פּאָר קאַרטאָפלעס און צוזופּן אַביסל באָרשטש".

לאַנג איז נאָך יאסקע דאָרט געזעסן. אויסגעלייטערט ווי עס איז געווען שלומס מאַמעס געמיט, האָט זי דערציילט פאַרשיידענע מעשיות. און איין מעשה איז געווען, וועגן אַ משוגענע וואָס איז געווען ביי איר אַן איינגייערין, ווי אַזוי יענע משוגענע האָט אַמאָל אַריינגעוואָרפן אַ קאָזע אין אַ ברונעם אַריין. און ווען מען האָט זי געפרעגט: „חיה שרהלע, פאַר וואָס האָסטו אַזעלכעס געטאָן?" האָט זיך די משוגענע אָנגעברוגזט און געענטפערט: „עס זאָל אַייך אַזוי שווער אָנקומען דער טויט, ווי שווער און ביטער מיר איז אָנגעקומען אַריינצעוואָרפן די קאָזע אין ברונעם אַריין". אַלע האָבן פריילעך געלאַכט און יאסקע האָט אין האַרץ מקנא געווען זיין חבר שלום, אין וועמענס שטוב אַלץ איז געווען אַזוי פּולבלו־טיק און אָן אויפגעבלאָזנקייט.

## קאַפּיטל 12.

ווען יאסקע איז יענעם אויפדערנאַכט אַהיימגעגאַנגען, האָט שוין געמוזט זיין נישט פּרי, ווייל די גאַסן זיינען געווען פּוסט און מען האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. באַזונדער איז אויך דאָס וועטער געווען אַזאַ פּוילס און טרויעריקס; דער פראָסט האָט נאָכגעלאָזט און פון דער פייכטקייט וואָס האָט זיך צענויפגעקליבן אין די ברודיק־גרויע הימלען און זיך געפילט אין דער לופט, האָט דער שניי פאַרלוירן זיין בלישטש און ווייסקייט.

יאסקע האָט געשפּאַנט מיט גיכע טריט, כמעט ווי געלאָפן, כדי וואָס שנעלער צו זיין אינדערהיים, און מיט אַמאָל, ווען ער איז שוין געווען לעבן משה קאשע מאַכערס הויז, איז פון אַנטקעגנאיבערדיקן הייזל וואָס איז געווען ווי אַריינגעקוועטשט אינם שמאָלן געסל, געגעבן אַ שווים אַרויס אַ געשטאַלט. די עטלעכע טריט פונם געסל ביז צו דער ברייטער גאַס, איז אָט די געשטאַלט כמעט ווי געלאָפן, גלייך ער וואָלט פון ערגעץ אַנטרונען און מורא געהאַט צו טרעפן זיך מיט עמיצן. אַ גנב, איז יאסקען געקומען אויפן געדאַנק און אַ פחד האָט אים דורכגענומען. געטראָגן פון שרעק, האָט ער אויף שנעל זיך געגעבן אַ פאַרקערעווע אין דעם שמאָלן אַנקעגנאיבערדיקן געסל וואָס נאָך משה קאַשע מאַכערס הויז און פון דאָרט האָט ער געזען, אַז ווי נאָר דאָס געשטאַלט איז אַרויס אויף דער ברייטער גאַס, האָט ער זיך פאָרזיכטיק אומגעקוקט אין אַלע זייטן, און גלייך ער וואָלט זיך שוין געזען אויסער געפאַר, האָט ער אָנגעהייבן צו גיין מיט רואיקערע און געלאַסענע טריט, אַראָפּ מיט דער בית עולם גאַס.

אויך יאסקע האָט זיך באַרואיקט. זיכער איז עס נישט קיין גנב, האָט ער אַ טראַכט געגעבן, ווייל, ערשטנס גייט ער איצט געלאַסן און רואיק, און צווייטנס, טראָגט ער נישט קיין שום פּעקל. האָט יאסקע פאַר־לאָזט דאָס שמאָלע געסל, פון וואַנען ער האָט דאָס אַלץ געזען, און אָנ־

געהייבן גיין אַהיים. און ווען בלויז אַ קליינער שטח האָט אים אָפּגעטיילט פון דער פאָרויס שפּאַנענדיקער געשטאַלט, האָט יאַסקע מיט שטוינונג דערקענט זיין עלטערן ברודער מענדל. זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט און מענדל, דערזעענדיק זיין יינגערן ברודער, האָט אים געפרעגט פון וואַנען ער קומט אַזוי שפּעט? פון שלומען, האָט יאַסקע געענטפערט; און פון וואַנען קומסטו, מענדל? פון גאַס, האָט יענער געענטפערט, איך האָב באַדאַרפן דערליידיקן עפּעס אַן ענין מיט גאָלדבערגן. וואוינט דען גאָלד־בערג אין קעסל אַנטקעגנאיבער משה קאַשע מאַכער? איז יאַסקען געלעגן אויף דער צונג, אָבער געזאָגט האָט ער גאָר נישט און ביידע זיינען אַהיים־געגאַנגען.

אַ צייט לאַנג האָט זיך יאַסקע יענע נאַכט געדרייט אויף זיין געלעג־גער און נישט געקאָנט איינשלאָפן. דאָס אומגערעכטע באַגעגעניש מיט זיין ברודער אין דער שפּעטער שעה, ווען ער האָט זיך ווי אַרויסגעגנב־עט פון יענעם שמאָלן געסל, האָט אים נישט צורו געלאָזט. אַז יענער האָט זיך געהיט און בשום אופן נישט געוואָלט, אַז ס'זאָל אים ווער זען אַרויסגיין פון יענעם הויז, דאָס האָט מען דאָך געזען בולט ווי אויף דער האַנט, אי פון דעם אַזוי האַסטיקן, כמעט לויפנדיקן אַרויסגיין זיינעם פון דעם געסל און אי פון דעם לייקענען זיינעם, זאָגנדיק, אַז ער קומט פון גאָלדבערגן. דאָס אַלץ איז געווען עפּעס פול מיט סודות וואָס האָט נאָך מער צערייצט יאַסקעס נייגער. וואָסזשע פאַרט האָט זיין ברודער מענדל געהאַט צו טאָן אין יענעם געסל אין אַט דער שפּעטער נאַכט שעה? וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט עס מענדל געקאָנט האָבן אין יענעם האַלב־חרובן הייזל, וועמענס פענצטערלעך זיינען געזונקען האַרט ביי דער ערד, און וואו עס האָבן געוואוינט בלויז ביטערע אביונים, אַלץ אַזעלכע מענטשן מיט וועמען זיין ברודער האָט גאָר נישט און קיינמאָל נישט געקאָנט האָבן קיין שום עסקים?

וואָס מער יאַסקע האָט דערפון געטראַכט, אַלץ מער איז אַלעס פאַר־הילט געוואָרן אין אַ געדיכטן נעפּל, אָן שום פּיצל אויפקלערונג. אָבער יאַסקע איז געווען אַ יינגל אָן עקשן. וואָס מער פאַרנעפּלט די זאַך האָט אויסגעזען, אַלץ מער האָט ער אָנגעשטרענגט דעם געדאַנק, כדי אַריינ־צולאָזן, כאָטש עטוואָס ליכט וואָס זאָל אויפקלערן זיין ברודערס עסקים אין יענעם חרובן הייזל. און ליגנדיק אַזוי מיט אָפענע אויגן וואָס האָבן זיך ווי אַיינגעשניטן אין דער אַרומיקער פינצטערניש, האָט ער מיט

איינגעשפּאַרטקייט אָנגעהייבן אַלץ נאָכצוטראַכטן פונדאַסניי. קודם כּל האָט ער געגומען דורכגיין אין געדאַנק און אויסרעכענען יעדן איינעם פון די שכנים אין יענעם הייזל. ער האָט גוט געקאָנט אָט דאָס געסל מיט אַלע איינוואוינער. און כּדי אַלץ זאָל זיין קלאָר, וועט אפשר נישט איבעריק זיין זיך אָפּצושטעלן און צו דערציילן באריכות וועגן אָט דעם הייזל מיט זיינע שכנים.

אין סאַמע ראָג, וואו עס שניידט זיך אָפּ דאָס באָד־געסל און עס הייבט זיך אָן די בית־עולם גאַס, רעכטס אַראָפּ צום טייך צו, שפּרייט זיך אויס אַ ליידיקער פּלאַץ. אַמאָל, פאַר דער מלחמה, איז אויף אָט דעם פּלאַץ געשטאַנען אַן אַלט איינגעזונקען הייזל; דריי הויכע און געדיכט באַבלעטערטע קאַשטאַן ביימער, האָבן ווי דריי געטרייע שומרים געהיט און באַצירט אָט דאָס אָרעמע הייזל, גלייך זיי וואָלטן עס באַשיצט פון אַ שלעכט אויג. כּל זמן די באַלעבאָסטע פון דעם „געביי", די אַלטע דינהלע, האָט געלעבט, האָט זי אָפּגעהיט דאָס הייזל און די ביימער ווי אַן אויג אין קאָפּ און ווי איז געווען דעם יינגל, ווען זי האָט אַמאָל געכאַפּט רייסן קאַשטאַנעס פון אירע ביימער. נאָך איר טויט, איז דאָס הייזל איינ־געפאַלן. האָבן די יורשים צעשלעפּט דאָס געהילץ און אונטערגעהאַקט די ביימער, און פאַרקויפט דאָס האָלץ צום הייצן.

רעכטס פון אָט דעם פּלאַץ געפינט זיך אַן אַלט הייזל, און צווישן דעם פּלאַץ און דעם הייזל, שניידט זיך דורך אַ טיפער ראָוו, דורך וואַ־נען די וואַסערן פון דער גאַנצער שטאָט פליסן אָפּ אין טייך אַריין. שוין דער אופן ווי אַזוי דאָס הייזל איז געבויט געוואָרן, האָט פאַרמאָגט אַסך אויסטערלישקייט. פון איין זייט, מער ווי אַ שטאָק אין דער הויך איבערן ראָוו, און פון דער צווייטער זייט זיינען די פענצטערלעך געזונקען האַרט ביי דער ערד. זומער, בעת אַ שטאַרקן רעגן, פליסן און פאַלן דאָ די וואַ־סערן וואָס זאַמלען זיך צענויף פון דער גאַנצער שטאָט, מיטן גערויש פון אַ וואַסער־פאַל, ווייל דער ראָוו נידערט נישט אַראָפּ משופּע, נאָר האַקט זיך מיטאַמאָל אָפּ און פאַלט פון עטלעכע מעטער הויך. און נישט איינ־מאָל טרעפט זיך, אַז דאָס וואַסער אין זיין האַסטיקן לויפן רייסט מיט גאַנצע שטיקער שטיין און ציגל פון דעם פונדאַמענט, אויף וואָס דאָס הייזל הייבט זיך אויף.

יאָסקען, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ יונג יינגל, האָט דאָס הייזל געלאָקט און גערייצט אָן אַ שיעור. נישט איינמאָל טרעפט זיך אין אַ

זומער־טאָג, ער געפינט זיך פונקט ביי זיין חבר אברהם דעם קאַשע־מאַכערס (יענעמס הויז געפינט זיך פונקט אַנטקעגנאיבער). עס מאַכט זיך אַ שטורם, עס הייבט אָן גיסן אַ שלאַקס רעגן, עס טראַסקען דונערן, בליצן צעשניידן מיט אַ בלישטש די פאַרכמורעטע הימלען און דאָס לויפנ־דיקע וואַסער האָט זיך צעשפרייט און איז אַרויס פון די ראָוועס און פאַר־גאָסן די גאַנצע גאַס אַרום. און כוואַליעס, פונקט ווי קופּעס וואַסער, שטויסן זיך און שטופּן זיך איינס אויפן צווייטן אין אַזאַ איילעניש, גלייך מען וואָלט זיי מיט בייטשן אונטערגעיאָגט: לויפט וואָס גיכער. שטייט דעמאָלט יאסקע אין קאַשע מאַכערס געוועלב און קוקט. עס דוכט זיך אים: אָט, אָט, וועלן די קופּעס וואַסער אַראָפּשווענקען און אַוועקטראָגן מיט זיך אָט דאָס הייזל פונקט ווי די שפּענדלעך וואָס ווערן געטראָגן אויפן רוקן פון די לויפנדיקע, זיך איילנדיקע וואַסערן. און כאָטש עס באַפאַלט אַ שרעק, פונדעסטוועגן וואָלט ער אַזוי שטאַרק געוואָלט וואוינען און זיך איצט געפינען אין יענעם הייזל.

און ווייל דאָס הייזל האָט ביי אים אַרויסגערופן אַזוי פיל נייגער, האָט ער דעריבער גוט געקאָנט אַלע שכנים פון דאָרט. האָט ער איצט גענומען אין געדאַנק אויסרעכענען אָט די אַלע מענטשן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט און ביי וועמען פון זיי זיין ברודער האָט עס געקאָנט זיין אין יענער שפּעטער שעה.

איין שטיבל האָט פאַרנומען די אַלטע זיסעלע מיט איר זון, אַ יונג פון עטלעכע פערציק יאָר מיט פאַראָפּיעיטע אויגן און וואָס פלעגט יעדע פּאָר וואָכן אַוועקפאַלן אויף דער שווערער קרענק. ווייטער האָט דאָרט געוואוינט ביילע ביזע מיט איר זון און שנור. אויך מאַניש קאַמען־מאַכער, אַ נידריקער ייד מיט אַ פאַרפינצטערט פּנים און צוויי געדיכטע ברעמען וואָס זיינען ווי דעכלעך געהאַנגען איבער זיינע ביזע אויגן, האָט דאָרט פאַרנומען אַ שטוב מיט אַ קעכל. און ביי קיינעם פון אָט די שכנים האָט מענדל גאָר נישט געהאַט וואָס צו טאָן. ביי וועמען זשע איז ער פאָרט געווען?

און ווען יאסקע האָט זיך שוין געהאַט מיאש געווען עפּעס אַרויס־צופאַנגען פון אָט דעם נעפּל, איז פּלוצלונג אַ בליץ געטאָן ביי אים אין מוח. אין איין רגע איז דער גאַנצער נעפּל ווי אויסגערונען און אַלץ איז מיטאַמאָל געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך.

מיט אַ שטיק צייט פאַר דער מלחמה, האָט יאסקע געהערט ווי זיין

חבר אברהם דעם קאַשע־מאַכערס, אַ בלייך יינגל מיט צוויי גרויסע פאַר־חלומטע אויגן, וועלכער האָט געקאָנט אַזוי שיין דערציילן אַזעלכע מורא־דיקע מעשיות פון שדים און רוחות, — האָט דערציילט וועגן די גבורות פון הערשקע פסח יאַנקלס. ווי אַזוי יענער איז אַנטלאָפן פון די זעלנער, און ווי אַזוי בשעת גאַנצע צוויי סטראַזשניקעס האָבן אים געפירט, האָט ער זיי געשפּאָלטן די קעפּ און איז אַנטלאָפן. דערנאָך איז ער אַ גאַנץ פעליק יאָר געלעגן באַהאַלטן אין אַ גרוב, וואָס ער האָט זיך אויסגעגראָבן אין וואַלד.

אברהם האָט געוואוסט צו דערציילן גענוי און מיט אַלע פּרטים ווי אַזוי הערשקע איז אַ גאַנצן טאָג געלעגן אין גרוב וואָס איז געווען פאַר־שטעלט מיט גראָז און צווייגן. נאָר אינמיטן דער נאַכט פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אַהיים, נעמען עסן אויף אַ גאַנצן טאָג און ווידער צוריק־גיין צו זיין באַהעלטעניש. „אויב דו ווילסט, יאסקע — האָט אברהם צוגעגעבן — וועל איך דיר ווען עס איז פירן אין וואַלד אַריין און דיר ווייזן דעם גרוב, וואָס איז נאָך ביז היינט ניט פאַרשיט“.

יאסקע איז אַ צייט נאָכן אויסהערן אָט די מעשה, געווען שטאַרק דורכגענומען. עפּעס אַ קליינינקייט, אַ מענטש וואָס האָט אַ צייט לאַנג געלעבט באַהאַלטן אין אַ גרוב איינער אַליין און פאַר גאָרנישט מורא גע־האַט. און כאָטש ער האָט יענעם הערשקען קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען, אָבער אין זיין קינדערשער פאַנטאַזיע האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז אָט דער פאַרשוין דאַרף זיין אַ הויכער און שלאַנקער יונג, אַ דרייסטער און שטאָלצער, מיט פייערדיקע שוואַרצע אויגן וואָס קוקן דרייסט און אָן מורא יעדן אין פּנים. אַ קליינינקייט, אַ יונג נעמט און שפּאַלט קעפּ סטראַזשניקעס, פאַר וועמען דאָס גאַנצע שטעטל יידן ציען די היטלען מיט הכנעה און מורא און דערנאָך ליגט ער נאָך אָפּ טעג און נעכט אין אַ גרוב ערגעץ אונטערן גוטן אָרט. יאָ, וועגן אָט דעם הערשקען האָט יאסקע געהערט נאָך אַ שטיק פאַר דער מלחמה און שפּעטער האָט ער פאַרגעסן דאַרין און מער וועגן אים נישט געטראַכט.

היינטיקן ווינטער אָבער איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט יאסקען דער־מאָנט אין יענעם הערשקען. עס איז געווען מיט אַן ערך צוויי חדשים צוריק, פאַרנאַכט. יאסקע איז פונקט געשטאַנען אין קיך ביים פענצטער. אויפן שאָסיי, ביים ראַנד פון האָריזאָנט, האָבן פייערדיק־רויטע צעשאָ־טענע פאַסן פון דער אונטערגייענדיקער זון, געפלאַמט אַנטקעגן די שוין

כמעט טונקעלע הימלען, וואָס האָבן כסדר זיך אָנגערוקט און געפלאָסן אויף די לעצטע פאַסן פון דער גוססדיקער זון; ווייסע שניי פעלדער האָבן זיך אָנגעהייבן טונקלען און זיך ווי אַיינגעקאָרטשעט אונטערן דרוק פון דער אָנקומענדיקער נאַכט. לינקס פונם שאַסיי האָט דער בלויער געדיכ־טער און ריזיקער וואַלד קאַפ, זיך אָנגעהייבן צענויפמישן און ווערן איינס מיט די טונקעלע הימלען. מיט יעדער מינוט איז די בלויע מאַסע אַלץ מער פאַרזונקען און אַיינגעזאַפט געוואָרן אין די טונקעלע ביינאַכטיקע הימ־לען. ער איז געשטאַנען ביים פענצטער און אַזאַ נאָגנדיקער אומעט האָט גענאָגט ביים האַרץ. פלוצלונג האָט זיך געהערט אַזאַ שטיל און נידער־געשלאָגן קול:

„כ׳בעט אַייך, שענקט מיר אַ שטיקל ברויט פאַרן קינד מיינעם, עס האָט אַ גאַנצן טאָג גאָר נישט געהאַט אין מויל״.

ער האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן דריי אויס, ווייל דאָס קול איז געקומען אַזוי פלוצלונג און אומגעריכט. ער האָט אַפילו נישט געהערט עפענען די טיר. נישט ווייט פון דער טיר איז געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ פאַרמאַטערט פנים. פון אונטער דעם טיכל מיט וואָס דער קאָפּ אירער איז געווען פאַרבונדן, האָבן זיך אפּירגעשאַרט געדיכטע פּאַסמעס בלאָנ־דע האָר, וואָס האָבן זיך מיט חנ׳ודיקייט צעשאָטן איבערן שטערן.

אַז אָט די פרוי איז נישט קיין בעטלערן, האָט מען דערקאָנט פון ערשטן אויגנבליק. איר קול איז געווען אַזאַ פאַרשטיקטס, גלייך זי וואָלט אויסגענוצט אַלע כוחות, איידער עס איז געלונגען אַרויסצוברייגען די פאָר ווערטער, וועגן שענקען אַ שטיקל ברויט.

אין קיך איז קיינער, אויסער זיי ביידע, נישט געווען און יאסקע איז אַזוי צעמישט געווען, אַז ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים פענצטער און זיך נישט גערירט פון אָרט. נאָר אָט איז אַריינגעקומען ביילע. זי איז צוגעגאַנגען צום שענקל, אָפּגעשניטן אַ שטיקל ברויט און געגעבן דער פרוי. דערווייל איז אויך אַריינגעקומען יאסקעס מוטער, און ווען די פרעמדע איז אַוועק, האָט זיך ביילע אָנגערופן: „עטץ ווייסט, באַלעבאָ־סטע, ווער עס איז דאָ געווען נאָך אַ שטיקל ברויט? הערשקי פסח יאַנקלס ווייב. ער איז ערגעץ אַוועק אין דער ערד אַריין און איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט אַ קינד אויסגייען פון הונגער״.

יאסקען האָט אַ זעץ געטאָן אין האַרץ. אין דער איינער מינוט האָבן געגעבן אַ לעב אויף די אַלע מעשיות וואָס ער האָט אַמאָל געהערט וועגן

הערשקען. אַזאַ מענטשנס ווייב זאָל דאַרפן בעטן אַ שטיקל ברויט. איז אים מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרץ, גלייך מען וואָלט פאַר־שוועכט עפּעס אַ הייליק געפיל, וואָס ער האָט אויסגעוואַרעמט און אויס־געבריט אין די טיפענישן פון זיין נשמה. הערשקע דעם גביר׳ס ווייב בעט אַ שטיקל ברויט פאַר איר הונגעריק קינד. „און וואו וואוינט זי?״—האָט יאָסקעס מאַמע געפרעגט ביילען.

„אין יענעם הייזל איבערן ראָוו דאָרט, ביי די אַלטע זיסעלען״—האָט ביילע געענטפערט. און מיטאַמאָל האָט זיך אין דעם יינגלס מוח אַלץ אויסגעלייטערט און קלאָר געוואָרן.

זיינען אַרויסגעשוואומען אַ סך טעג, ווען אָט די פרוי איז ווידעראַמאָל געקומען צו זיי אין שטוב עפּעס בעטן און מענדלס בליק פון זיינע וואַ־סערדיקע אויגן וואָס איז געפאַלן אויף אָט דער פרויען־געשטאַלט, האָט זיך איצט צענויפגעבונדען און פאַראייניקט מיט דעם היינטיקן אַרויס־גנבענען זיך פון יענעם הייזל. און כאָטש יאסקע האָט זיך נאָך נישט גע־קאָנט אָפּגעבן קיין קלאָרע רעכענונג, געווי און אַקוראַט וואָס דאָס אַלץ באַדייט, אָבער מיטן אינסטינקט פון אַ יינגל וואָס הייבט אָן רייף צו ווערן, האָט ער דערפילט, אַז עפּעס שמוציקס און נישט ערלעכס ווערט דאָ אָפּגעטאָן. און אין דעם יינגלשן האַרץ האָט שטיל געוויינט און גע־יאָמערט. עס האָט וויי געטאָן הערשקעס פאַרשוועכטער כבוד, עס האָט וויי געטאָן מענטשלעכע געפאַלנקייט, און עס האָט געבריט דעם אייגענעם ברודערס שמוציקע מעשים.

## קאַפּיטל 13.

דער דערציילער וואָלט בשום אופן נישט געוואָלט, אַז די געשיכטע וועגן אָט דעם ייִנגל זאָל איבערלאָזן דעם אײַנדרוק, אַז אָט דאָס פּערזן יאָריקע ייִנגל, וועגן וועמען עס דערציילט זיך דאָ, — איז געווען עפּעס אַזאַ מין סאָרט אמת־זוכער און אַ וועלט־אויסבעסערער, וואָס האָט אין זײַן יונג לעבן גאָר נישט געטאָן און גאָר נישט מער געטראַכט, נאָר כסדר אַרומגעזוכט יושר און גערעכטיקייט. אָבער עס זײַנען פאַראַן פּע־ריאָדן אינם לעבן פון מענטשן, און דווקא אין אונדזערע קינדערשע יאָרן, ווען אַלע ווידערשפּרוכן פון דעם אַרום, פאַלן מיטאַמאָל אַרויף אויף אונ־דזערע שמאָלע און שוואַכע פּלייצעס מיט דער שווערקייט פון בלײַ, פּונקט אַזאַ שטייגער, גלײַך דאָס הויז וואו מיר וואוינען, וואָלט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ צעשיט און דערדריקט אונדזער געמיט. בפרט, אַז די צייט וועגן וועלכער עס דערציילט זיך דאָ, איז געווען אַזאַ צעפאָרענע און נישט נאָרמאַלע, ווען הונגער און נויט איז געווען דער חלק פון דעם גאַנצן אַרום און בלויז געציילטע האָבן געקאָנט לעבן אין רחבות.

קאָן זיך דעריבער דער דערציילער גאָר נישט העלפן, כאָטש ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַזעלכע פּירושים זײַנען נישט אויפן אָרט און אודאי נישט לויט די געזעצן פון דער דערציילערישער קונסט. און ער, דער דערציילער, הייסט עס, וועט ווייטער איבערגעבן וועגן די אויפטרייסלונ־גען אין דעם געמיט פון דעם פּערזן יעריקן העלד זײַנעם.

עס זײַנען שוין פאַראיבער עטלעכע וואָכן, זייט יענעם פאַרנאַכט פון מאַנישעס לויה, ווען יאסקע האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיט דוד טענענבוים ביי מאניס סטאָלאר אין שטוב. די גאַנצע געשטאַלט פון יענעם סימפּאַטישן יונגעמאַן, זײַנע שוואַרצע און גוטמוטיקע אויגן האָבן גערייצט און געלאָקט דעם ייִנגלס נײַגיר. און כאָטש יאסקע האָט אײַנ־

גאַנצן נישט געוואוסט ווער עס איז אָט דער יונגערמאַן וואָס האָט זיך פאַר אים אַזוי וואַרים אָנגענומען יענעם אָוונט, ווען מען האָט אים אַזוי געשטאָכן, האָט ער מיטן אינסטינקט דערפילט, אַזאַ נאָענטקייט צו יענעם פרעמדן, גלייך אַזוי ווי זיי ביידע וואָלטן געפירט געוואָרן פון איין גורל.

ביז איינמאָל, ווען אַלע אין שטוב זיינען געזעסן ביים מיטאָג, האָט זיך יאסקעס מוטער פלוצלונג געגעבן אַ רוף אָן צום מאַן: „געדענקסט, שמואל, ווען מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט זיך אַריינגעצויגן צו ווי־טעקן אין הויז עפּעס אַ פרעמדער? און איך האָב דעמאָלס געזאָגט, אַז מען דאַרף צומאַכן נייע פרענטן צו די שפּייכלערס? געדענקסט? טרעף זשע, שמואל קרוין, ווער עס איז אונזער נייער שכן?”

„ווער?” האָט ר' שמואל געלאַסן געפרעגט.

„ווערסט נישט טרעפן, האָט נחמהלע זיך נאָך אַלץ געחנדלט”.

„נו, מילא, איז נישט”, האָט ר' שמואל געשמייכלט.

„יצחק טענענבוימס זון. דו ווייסט דאָך וועמען איך מיין? געדענקסט דאָך פּעוונע וואָס עס האָט זיך דעמאָלס אָפּגעטאָן, ווען יצחק טענענבוימס זון איז אַנטלאָפן פון דער היים”.

„אַה, איך דערמאָן מיך שוין”, האָט ר' שמואל געענטפערט.

„און טרעף וואָס ער טוט דאָ? — האָט נחמהלע ווייטער גערעדט, — אַ שטיק צייט האָט ער געהאַקט שטיינער אויפן שאָסיי, היינט אַרבעט ער ביי מאניס סטאָלאַר. פון וואַנען איך ווייס דאָס אַלץ? איך גיי היינט אין גאַס, טרעפט מיך פערל די שוחטקע. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט און זי פרעגט מיך: וואָס מאַכט עפּעס אייער שכן, מיין שוויגערס זון דער תכשיט?... וועמען מיינט איר? פרעג איך זי. וועמען זאָל איך מיינען? יצחק טענענבוימס זונדל, וואָס וואוינט ביי וויטעקן אין הויז און האַקט שטיינער אויפן שאָסיי”.

„מילא, גאַנץ שיין זיך אַרויפגעאַרבעט — האָט ר' שמואל זיך אָנ־גערופן — נישטאָ וואָס צו ריידן, אַ גאַנץ שיינע מדריגה; אַנטלאָפן פון טאַטן און דערלאָפן ביז אַ שטיינער האַקער”.

„אודאי, — האָט נחמהלע פאָטאַקעוועט — נאָר וואָס דען? אַז עס וויל נישט זיין קיין לייט”.

אַזוי אַרום האָט זיך יאסקע דערוואוסט ווער עס איז יענער פרעמ־דער יונגערמאַן. איז דער נייגיר זיך צו טרעפן מיט יענעם געוואָרן נאָך בריענדיקער, גלייך ווי בלויז מיטן טרעפן זיך נאָכאַמאָל מיט אָט דעם

פֿרעמדן און דאָך אַזוי נאָענטן מענטש, וועט עפּעס אַלץ קריגן באַשייד און ענטפֿער.

פֿונדעסטוועגן, ווען עס וואָלט אַזוי איינעם אײַנגעפֿאַלן צו געבן אַ פֿרעג אָט דעם ייִנגל: זאָג מיר נאַר, יאסקע, וואָס אייגנטלעך דערוואַרטסטו פֿון יענעם יונגנמאַן? און וואָס ווּעסטו מיט אים שמועסן און דערציילן? ווען מען וואָלט אים געשטעלט אָט די פֿראַגע, וואָלט ער אינגאַנצן נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן. און פֿונדעסטוועגן זיינען כּסדר אַרויסגעשוואו־מען יענעמס שוואַרץ־גליענדיקע אויגן וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אַזוי טיף אינם געמיט און געקוקט מיט אַזוי פֿיל גוטסקייט, גלייך ווי זיי וואָלטן געוואָלט, אָט די אויגן אײַנזאַפּן אין זיך די גאַנצע פֿאַרלוירנקייט און אור־מעט, פֿון יענעם ביינאַכט ביי מאניסן אין שטוב, נאָך מאנישעס לויה. און וואָס אייגנטלעך איז געווען מער פּשוט און איינפֿאַך ווי אַריינצוגיין צו מאניסן און דאָרט זיך טרעפֿן מיט טענענבוימען? בפֿרט, אַז יענער האָט דאָך אים, יאסקען, דעמאָלס געבעטן ער זאָל אַמאָל אַריינקומען צו אים? אָבער בשום אופֿן האָט ער נישט געקאָנט פֿועלן ביי זיך דאָס צו טאָן.

אַ מאָדנע זאַך איז שטענדיק פֿאָרגעקומען מיט אָט דעם ייִנגל. עס טרעפֿט זיך אָפּטמאָל: דאָס האַרץ ווערט ווי איבערגעפֿלאָסן פֿון אַזאַ וואַ־רימקייט צו אַ חבר; נישט איינמאָל ווילט זיך אים לויפֿן צו שלומ'ק, אַרומ־נעמען אים און צודריקן צום האַרץ און דערציילן אַלץ וואָס דריקט און טוט וויי. אָבער ווען ער איז שוין פּנים אל פּנים מיט יענעם, בלייבט ער שטיין ווי אַ גולם. אַלץ ווערט ווי דערשטיקט. עס בלייבט בלויז אי־בער אַזאַ געפֿיל פֿון חרטה און חרפּה פֿאַר דער אייגענער נאַרישקייט און קינדערשקייט. האָט ער זיך אָפּטמאָל אַרומגעדרייט לעבן מאניסעס שטוב; געוואָלט טרעפֿן טענענבוימען. און כאָטש ער האָט געוואוסט, כמעט אויף זיכער, אַז אַפֿילו ער זאָל יענעם טרעפֿן, וועט ער אויך נישט צוגיין צו אים, פֿונדעסטוועגן האָט ער קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט פֿאַרבייצוגיין עטלעכע מאָל אין טאָג מאניסעס שטוב.

און איינמאָל האָט ער פֿונדערווייטנס יאָ געזען אַרויסגיין דודן פֿון דער אַרבעט, איז אָנשטאָט צו וואַרטן אויף יענעם, האָט ער גאָר אויף גיך, איידער יענער האָט אים באַמערקט, זיך געגעבן אַ דריי אַריין אין אַ זייטיק געסל און געוואַרט ביז טענענבוים איז פֿאַרבייגעגאַנגען.

אַזוי זיינען פֿאַרביי עטלעכע וואָכן, ביז ער האָט זיך געטראָפֿן מיט דוד טענענבוים, ווען עס זיינען שוין אינגאַנצן נישט געווען קיין מענ־

לעבקייטן זיך אַוועקצעשאַרן. און געשען איז טאַקע דער צוזאַמענטרעף אין אַזאַ טאָג, ווען ווידעראַמאָל האָט זיך אָט דאָס פּילבּאַרע יינגל אָנגעטראָפן פּנים לפנים מיט אַ געשעעניש ביי זיי אין שטוב וואָס האָט אים פאַר־שאַפט אָן אַ שיעור צער און ווייטיק. נאָר לאָמיר ניט פאָראויסלויפן די געשעעניש און דערציילן אַלץ בהדרגה:

זייט עטלעכע טעג האָט ביילע די דינסט ביי ר׳ שמואלן אין הויז, זיך אָנגעהייבן פילן עפּעס נישט מיט אַלעמען. שטייענדיק אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איבער אַ באַליע מיט וועש, איז איר פלוצלונג נישט גוט גע־וואָרן און זי האָט זיך קוים דערשלעפּט צום בעטל. יאסקע איז פּונקט אַריינגעקומען אין קיך אַריין, און דערזעענדיק ביילען ליגן אויפן בעט אינמיטן טאָג, איז ער געבליבן שטיין ווי פאַרוואונדערט, ווייל זייט ער געדענקט ביילען, האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַ פּראָסטן מיטוואָך זיך צולייגן אָפּרוען. ער האָט זיך דערנעענטערט צום בעטל און געפרעגט: „וואָס ליגסטו עפּעס, ביילע? ביסט עפּעס נישט געזונט?" נאָר איידער ביילע האָט נאָך באַוויזן צו ענטפערן, איז אָנגעקומען נחמהלע פון גאַס, און דערזעענדיק ביילען ליגן אויפן בעט, האָט זיך אויף איר פּליישיק פּנים צעלייגט אַן אומצופרידענע גרימאַסע; האָט זי אויף גיך, ווי איר שטייגער איז געווען, אַ פּאָר מאָל אַ קנייטש געטאָן מיט די אויגן־לעדלעך און אַ זאָג געטאָן: „האָסט שוין ניט געפונען קיין אַנדער צייט זיך אַנידערצולייגן, נאָר פּונקט ווען די באַליע מיט וועש שטייט אין מיטן שטוב?"

יאסקע האָט דערווייל געכאַפּט אַ בליק אויף ביילען און דערזען איר פּנים אינגאַנצן אַ צעפלאַמטס און אָנגעגאָסן מיט גליענדיקער רויטקייט; און מען האָט אינגאַנצן נישט באַדאַרפט זיין קיין דאָקטאָר, כדי צו דער־קענען, אַז זי גליט פון היץ.

אויף דער באַלעבאָסטעס אַרויספאָר האָט ביילע אויפגעהייבן דעם קאָפּ; יאסקע האָט גאַנץ גוט געזען, אַז זי טוט דאָס מיט אַלע כוחות, און אָנגעהויבן שטאַמלען: „עפּעס בין איך, נישט פאַר אייך גערעדט, שלאַף; ס׳איז מיר פּליצטהאלבן עפּעס נישט גוט געוואָרן. נאָר עס איז מיר שוין אַביסל בעסער, באַלד וועל איך דערקאָנטשען די וועש און צורוימען".

ווייזט אויס אַז אויך נחמהלע האָט דערזען, אַז ביילע גליט פון היץ, ווייל זי האָט אַ זאָג געטאָן: „מילא, אַז דו קאָנסט נישט, איז דאָך נישטאָ

פון וואָס צו רעדן, רו זשע אָפּ אַביסל און מען וועט שוין וועמען אַריינע־מען צו פאַרקאָנטשען די וועש".

נחמהלע איז אַרויסגעגאַנגען. ביילע איז אַראָפּ פון בעט און זיך צוריקגעשטעלט צו דער באַליע מיט וועש. אָבער לאַנג איז זי נישט אײַנ־געשטאַנען; און ווידעראַמאָל זיך געמוזט צולייגן. און ווען יאסקע איז ביי־נאַכט אַהיימגעקומען, איז שוין ביילע געלעגן אין בעט אַ שווער קראַנקע.

אָבער נישט לאַנג איז ביילע געלעגן ביי ר' שמואלן אין שטוב. נחמהלע האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אָנגעבלאָזענע, אַ בייזע און אָנגעזאָגט די קינדער זיי זאָלן זיך נישט דרייען אין קיך, ווער ווייסט צי עס איז נישט אַמאָל קיין טיפוס, האָט זי געוואָרנט. און דערווייל, איידער וואָס און ווען, האָט מען געהייסן דער סטרוזשקע דערלאַנגען איר עפּעס אין מויל אַריין.

פון דער גאַנצער שטוב האָט בלויז יאסקע עטלעכע מאָל אין די צוויי טעג וואָס זי איז געלעגן, אַריינגעכאַפּט זיך אין קיך אַריין, כדי צו זען וואָס זי טוט. און אָט די ביילע, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געזען אין בעט, ווייל שטענדיג איז זי געווען אויף די פיס, איז איצט געלעגן אין בעט מיט אַ צעפלאַמט און רויט־גליענדיק פּנים; שוואַרצע פּאַסמעס האָר, וואָס זי פלעגט שטענדיק פאַרוקן אונטער פאַטשיילעכל, האָבן זיך איצט פריי צעשאָטן איבערן שטערן, איבער די באַקן און אַרומגעזיימט דעם צעהיצטן פּנים ווי מיט אַ שוואַרצער ראַם. זי איז געלעגן מיט פאַר־מאַכטע אויגן פון שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. ווען יאָסקע איז אַריינגעקומען, האָט זי אויף אַ ווײַלע אויפגעמאַכט די אויגן, און דערזעענדיק אים, האָט זיך אַ שמייכל צעגאָסן איבער איר פּנים. נאָר באַלד איז דער שמייכל פאַר־שוואונדן, אַן אויסדרוק פון שרעק האָט צעקרימט איר פּנים און מיט אַ שוואַך קול האָט זי אַ זאָג געטאָן:

„יאסקעשי, קינד מיינס, ווי מיינסטו? זיי וועלן מיך נעמען אין שפּי־טאָל אַריין? וועלן זיי האָבן אַ האַרץ דאָס צו טאָן? פופצן יאָר בין איך שוין אין אָט דער שטוב, וועלן זיי האָבן אַ האַרץ דאָס צו טאָן? מ'וועט פּעווני נעמען און פאַרסמ'ען. — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין. (עס האָבן דעמאָלס געפּאַנעוועט טיפוסן אין שטאָט, און געשמועסט האָט מען, אַז וועמען די דייטשן נעמען אין שפּיטאָל אַריין, סמ'ען זיי אָפּ). אויף אַ מינוט איז זי ווידער אַריינגעפאַלן ווי אין אַ האַלבן דרעמל און באַלד אָנגעהייבן מור־

מלען: „דערלאָז נישט, יאסקעשי קרוין, דערלאָז נישט; בעט דעם טאַטן; ווערסט אים בעטן?״

פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט און אַרויסגעפּלאַטערט אַזאַ שרעק, גלייך מען וואָלט זי שוין געגומען צום אָפּסמ׳ען. יאָסקען האָט אַזש פאַר־קלעמט ביים האַרצן פון אָט דעם בליק, און טרערן האָבן אים געשטיקט: „האָב נישט מורא,ביילע — האָט ער מיט אַ קול אָנגעזאַפּט פון טרערן געענטפערט — מען וועט נישט נעמען אין שפּיטאָל, איך וועל בעטן דעם טאַטן און מען וועט נישט דערלאָזן״.

נאָר זי האָט שוין גאָר נישט געהערט, ווייל ווידער האָט זי שוין געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן און געלעגן אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד. און אַז זיין עלטערער ברודער מענדל האָט דערזען יאסקען אַרויסגיין פון קיך, האָט ער גענומען געוואַלדעוועו: „וואָס ווילסטו, אַז אַלע זאָלן מיר זיך אָנשטעקן און קראַנק ווערן?״ אויך דער טאַטע האָט זיך געבייזערט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַפילו לויט אונדזער הייליקער תורה נאָך דאַרף מען אָפּהיטן דאָס אייגענע נפש.

ר׳ שמואל האָט באַלד צו־וויסן געגעבן דאָרט וואו מען דאַרף, און אויף צומאָרגנס האָט מען ביילען אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין.

ווי מיט שפּיציק־צעגליטע אַייזנס אויפן נאַקעטן לייב, האָט זיך אָט דער טאָג אַיינגעקריצט איץ יאסקעס געמיט. ווען ביילע האָט דערזען די סאַניטאַרן וואָס זיינען געקומען איר נעמען אין שפּיטאָל אַריין, האָט זי אָנגעהייבן צאַפּלען פון שרעק און זיך צעשריגן מיט באַנומענע קולות. נאָר אַז די סאַניטאַרן האָבן פאָרט זי גענומען אָנטאָן און אַרויספירן פון שטוב, איז זי מיטאַמאָל געוואָרן שטיל און רואיק. איידער זי האָט פאַר־לאָזט די קיך, האָט זי אויף אַ מינוט זיך געגעבן אַ דריי אויס, און מיטן בליק אַרומגענומען די שטוב, וואו פופצן יאָר פון איר לעבן זיינען פאַר־פלאָסן. און אין אָט דעם בליק וואָס יאסקע האָט אויפגעכאַפּט, איז גע־לעגן אַזאַ מין טעמפּער יאוש פון אַ מענטש, וואָס גייט שוין אויף אַ זיי־כערן טויט, פון וואַנען עס איז שוין ניט פאַראַן קיין שום אַנטרינונג. יאָסקע האָט אַ ציטער געגעבן פון אַ ווייטיק וואָס האָט אים מיטאַמאָל אַ פּרעס־געטאָן ביים האַרץ און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ביילעס טעמ־פּער און יאושדיקער בליק האָט פלוצלונג אויפגעלעבט פאַר זיינע אויגן צוויי סצענעס וואָס ער האָט אַמאָל בייגעוואוינט.

אַנטקעגנאיבער ר׳ שמואלס הויז האָט געוואוינט אַ גוישקער בעד־

נאר. דאָרט אויפֿן פּאַדוואַזש האָט זיך זייט יאָרן אַרומגעבלאָנקעט אַן אַל־טער קודלאַטער הונט מיט אַן אויסגעקראַכענעם עק און אויסגערונענע פּאַראַפּיעיטע אויגן. דער בעדנאַר האָט שוין נישט איינמאָל אַרויסגעטריבן אָט דעם אַלטן הונט פֿון הויף, נאָר דער הונט פֿלעגט ווידער אַמאָל צוריק־קומען. אַ דערשלאָגענער און אַ נוצלאָזער, איז אָט דער הונט געווען דאָס שפּילצייג פֿון אַלע קינדער אין גאַס, און זיי האָבן אים אויך צוגעוואָרפֿן עפּעס צום עסן. אָבער ווען דער בעדנאַר האָט איינמאָל דערהאַלטן אַ פּאַ־פּיר פֿון מאַגיסטראַט, אַז ער איז שולדיק אַן אָפּצאָל פֿאַר דעם הונט, איז אים נימאס געוואָרן דער גאַנצער עסק; האָט ער צו־וויסן געגעבן דעם היצעל ער זאָל קומען און צונעמען דעם הונט. און אַז די קינדער פֿון דער גאַס און אויך יאַסקע האָבן דערזען דעם היצעל אַריינגיין צום בעדנאַר אין הויף, זיינען זיי אַלע נאָכגעלאָפֿן. און אָט וואָס יאַסקע האָט דעמאָלס דערזען:

דער הונט איז געלעגן אין אַ ווינקל פֿון הויף, אויף אַ קופּע שניצ־לעך, מיט אַן איינגעבייגלטן קערפּער און האַלב געדרעמלט. דער בעדנאַר האָט געגעבן אַ פֿייף און אַ רוף געטאָן: „מילעק נאַ“. דער הונט האָט מיט פֿוילקייט אויפֿגעהייבן דעם קאָפּ, אָנגעשפּיצט די אויערן, גלייך ער וואָלט נישט געגלויבט אַז דאָס רופֿט מען טאַקע אים. שוין יאָרן מיט יאָרן, אַז דער באַלעבאָס רופֿט אים נישט, מן הסתם איז דאָ עפּעס אַ טעות וואָס האָט אינגאַנצן נישט קיין שייכות מיט אים, מילעקן. האָט ער ווידער אַריינגערוקט דעם קאָפּ אינם איינגעבייגלטן קערפּער כדי ווייטער צו כאַפּן אַ דרעמל; נאָר אָט הערט זיך ווידער דעם באַלעבאָס קול: „מילעק, כאָדזש טו“. און מיטאַמאָל האָבן אין דעם הונטס מוח געגעבן אַ לעב אויף די אַלטע גוטע צייטן, יענע יאָרן, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער און שטאַרקער הונט. דעמאָלס איז דעם באַלעבאָס רוף געווען פֿול מיט ליבע און אַנערקענונג. דוכט זיך, אַז דאָס קול איז אַזאַ שטרענגס, אָבער אין אמתן מיט וויפֿיל צאַרטקייט עס האָט געקלונגען אָט אַזאַ „כאָדזש טו“ אין זיינע הינטישע אויערן. און גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט מיטאַמאָל אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך אָט די גאַנצע עלטער וואָס האָט אַזוי באַשווערט, האָט דער הונט זיך געטאָן אַ שטעל אויף און מיט אַ הייזעריק בילן זיך געלאָזט גלייך צום באַלעבאָס. דער בעדנאַר האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אים געטאָן אַ גלעט איבערן רוקן. און דער הונט, דערפֿילנדיק דעם באַלעבאָס האַנט, האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרף מיטן רוקן אויף דער ערד, מיט די פֿיס אויף־

געשטעלט אינדערהויך און אָנגעהייבן אַזוי הייזעריקלעך פּישטשען, גלייך ער וואָלט געוויינט פון גרויס דאַנקבאַרקייט. און פּלוצלונג האָט ער דערפילט ווי אַ שטריק וויקלט זיך אַרום זיין האַלדז, און אַז ער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט ער דערזען דאָס געשטופּלטע פּנים פון אַלעקסאַנדער דעם היצעל, פון וועמענס הענט ער האָט זיך אַ סך מאָל שוין געהאַט אַרויסגעדרייט.

ער האָט זיך צעוויינט מיט אַ האַרצרייסנדיקן יאָמער און זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט, נאָר ווען ער האָט דערפילט אַ שטאַרקן זעץ פון אַ שטיוול אין דער זייט, האָט ער זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען, אַז דער קלאַפּ קומט פון באַלעבאָס שטיוול. אַ רגע האָבן דעם הונטס ברוינע און פאַרטרערטע אויגן זיך איינגעגעסן אין דעם בעדנאַר. יאַסקע האָט זיך באַגעגענט מיט אָט דעם הינטישן בליק, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ שטומער און פול מיט צער פאָרוואורף: „מען האָט פאַר־ראַטן, מען האָט פאַר־ראַטן". מער האָט זיך דער הונט נישט אַנטקעגנגעשטעלט און כמעט אַ רואיקער איז ער נאָכגעגאַנגען דעם היצל.

און נאָך אַ סצענע איז אויסגעוואָקסן פאַר יאַסקעס אויגן: עס איז געווען אין אַ האַרבסטיקן פרייטיק נאָכמיטאָג, ווען אין מאַרק געפינען זיך מער פויערשע וועגעלעך ווי אין אַ געוויינטלעכן טאָג. לעבן דעם ברונעם איז געשטאַנען אַ פויעריש פורל צו וועלכן ס'איז געווען צוגעבונדן אַ קליין אויסגעמאָגערט און מיט אַן אויסגעקראָכענע פעל—פערדל. דאָס פערדל איז געווען אַזוי אויסגעדאַרט, אַז אַלע קנאָכנס האָבן זיך ווי אַרויסגעריסן פון דער אויסגעקראָכענער פעל און זיך געצייכנט דאָרט מיט רויטע און פאַרבלוטיקטע וואונדן. דאָס פערדל איז געווען אויסגעשפּאַנט, אָבער אָן אַ טאָרבע מיט שעצקע אָדער האָבער. ביי די רעשט פורלעך האָבן אַלע אויסגעשפּאַנטע פערד כסדר געהאַלטן אין קייען, וועלכעס פון אַ טאָרבע און וועלכעס פון אַ בינטל היי וואָס דער באַלעבאָס האָט איבערגעלאָזט און צוגעגרייט.

יאַסקע האָט זיך פאַרקוקט אויף אָט דעם פערדל וואָס איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, עפּעס ווי פאַרטראַכט און האָט אַפילו ניט געפּרואווט זוכן עפּעס צום עסן. און באַלד האָט ער דערזען ווי צום פורל דערנענטערן זיך עפּעס אַ פויערל מיטן היצעל. דאָס פויערל, ווייזט אויס, דער באַלעבאָס, הייבט אָן אַראָפּצונעמען פונם פערדל דעם כאָמוט, די לייצן און דעם איבעריקן געשפּאַן, און ווען דאָס פערדל איז שוין

אינגאַנצן נאַקעט, פלעכט דער היצעל צענויף אַזאַ גאַרטל פון שטרוי, טוט דאָס אָן דעם פערדל אויפן נאַקעטן האַלדז און גיט אַ געשריי: „נאַ שטשערוואַ!" און איידער דאָס פערדל באַוויזט נאָך צו שטעלן אַ טריט, דערפילט ער שוין אַ כמאַל פון אַ שטעקן איבער די אויסגעדאַרטע ביינער. אַ רגע טוט דאָס פערדל ווי אַ ציטער, טוט אַ הויב אויף די אויגן און עס דוכט זיך גלייך ווי ער וואָלט געטראַכט: „מילא, די קלעפּ פון שטעקן, דערצו איז מען שוין געוואוינט, אָבער דאָס אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט און דער שטרויענער שטריק איבערן האַלדז, דאָס זאָגט אודאי נישט אָן קיין גוטס". און די גרויסע אויגן קוקן אויפן באַלעבאָס ווי מיט אַ פראַגע: „וואָס זאָל דאָס אַלץ באַדייטן?" אָבער דער שטריק פון שטרוי וואָס שטעכט און די כסדרדיקע קלעפּ וואָס פאַלן ווי אַ האָגל איבער די אויסגעדאַרטע ביינער, לאָזן לאַנג נישט טראַכטן. דאָס פערדל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, די אויגן קוקן מיט יאוש און גלייך זיי וואָלטן זאָגן: „מילא פאַרפאַלן, מען הייסט גיין, מוז מען פאָלגן".

אויך איצט, אין ביילעס בליק, ווען מען האָט זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, האָט יאסקע דערפילט יענעם שטומען און פול מיט יאוש פאַר־וואורף פון בײדע חיות וואָס האָבן זיך מיט אַזאַ שטילער רעזיגנאַציע אונטערגעגעבן דעם גורל — און אַלץ אין זיין געמיט האָט אויפגעשוי־דערט פון צער און ווייטיק.

דאָס שפּיטאָל וועגעלע איז אַוועק און לאַנג איז נאָך יאסקע גע־שטאַנען אויפן גאַניק מיט אויגן אויפגעריסענע צו דעם וועגעלע וואָס האָט אַוועקגעפירט ביילען, כאָטש סיי דאָס פורל און סיי ביילע זיינען שוין פון לאַנג געווען פאַרשוואונדן.

## קאַפּיטל 14.

דער טאָג האָט זיך פֿאַרנומען צום אונטערגיין, פֿון דער זייט פֿונם בית עולם האָט פֿון דער טונקל־בלויער ביימער־מאַסע גענומען זיך אַרויס־שלייכן די נאַכט. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָבן זיך געלאָשן די שטיקער אָפּ־געריסענע זון וואָס האָבן געפּלאַמט אין צעשאָטענע פּאַסן אויפֿן שאָסיי. האָבן זיך די הימלען פֿאַרצויגן מיט בלויע טונקל, האָבן זיך גענומען צינדן איינצעלנע שטערן. זילבערנע שניי שטערנדלעך האָבן געמיניעט אין דער פּראָסטיקער לופֿט און נאַכט איז געוואָרן אויף דער וועלט.

יאסקע איז געשטאַנען אויפֿן גאַניק, ער האָט נישט געפֿילט קיין קעלט אַ חוץ ביילעס לעצטער בליק, וואָס איז געווען אָנגעגאָסן מיט יאוש און שטומען אונטערגעבן זיך דעם גורל, אַחוץ אָט דעם בליק וואָס האָט גע־שניטן און געשטאָכן, האָט ער גאָרנישט געזען אַרום זיך „אַרויסגעגעבן צום פֿאַרסאַמען, מילא פֿאַרפֿאַלן”. אָט די נישט אַרויסגעזאָגטע ווערטער, האָבן זיך כסדר, אָן אויפֿהער, איבערגעחזרט ביי אים אין מוח. מעכאַניש און ריטמיש פּונקט ווי דאָס קלאַפּן פֿון דעם גרויסן וואַנט־זייגער ביי זיי אין שטוב: „אַרויסגעגעבן צום פֿאַרסאַמען, אַרויסגעגעבן צום פֿאַרסאַמען. אַרויסגעגעבן צום פֿאַרסאַמען...”

ער האָט אַליין נישט געוואוסט ווי לאַנג ער איז אַזוי געשטאַנען אויפֿן גאַניק, ווייל ווען די מאַמע זיינע האָט אים דערזען און אָנגעהייבן שרייען וואָס ער שטייט אינדרויסן אויף דער קעלט ווי אַ ליימענער גולם, האָט ער זיך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. ערשט אין שטוב האָט ער דער־פֿילט, אַז ער איז אינגאַנצן פֿאַרשטייפֿט פֿון קעלט. ער האָט זיך געזעצט צום טיש. מען האָט אים דערלאַנגט אַ גלאָז קאָכעדיקע טיי. אַלע זיינען איצט געזעסן ביים טיש: דער טאַטע, די מאַמע, אויךביידע שוועסטערן. ר׳ שמואל איז, ווי זיין שטייגער, געזעסן אינם רויט־פּלושענעם פֿאָטעל,

אַריינגעקוקט אין אַ ספר און מיט איין האַנט האָט ער געלאָסן און רואיק געמישט מיטן לעפעלע דאָס גלאָז טיי.

„טאַטעשי, די טיי ווערט קאַלט", האָט זיך דערהערט דאָס דינע בוימייל קעלעכל פון דער אינגערער מיידל.

ר' שמואל האָט אויפגעהייבן די אויגן, אָפּגערוקט דאָס ספר און אונטערהייבנדיק דעם קערפּער, וואָס איז ביז איצט געווען ווי פּאַרזונקען אינעם טיפן פאטעל, האָט ער זיך צוגערוקט צום טיש. ווען ער האָט שוין געהאַט געטאָן עטלעכע זופּ פון דער טיי, האָט ער זיך צוריק אַריינגערוקט אינעם פאטעל און אַ זאָג געטאָן: „אַ גליק נאָך וואָס מען האָט אונז נישט אַוועקגעשיקט קיין גלאסקאוו". (גלאסקאוו איז געווען אַ דאָרף, צוואַנציק קילאָמעטער פון שטאָט, וואו די דייטשן האָבן אַיינגעאָרדנט אַ קאַראַנטין, וואו מען האָט אַוועקגעשיקט און איזאָלירט אַלע שכנים פון דעם הויז פון אַ טיפוס קראַנקן. און אָפט מאָל האָט זיך געטראָפן, אַז אין זייער רשעות האָבן זיי דאָרט אַוועקגעשיקט די שכנים פון די אַרומיקע הייזער און גלאסקאוו איז געוואָרן די שרעק פון אַלע אין שטאָט).

„אוי, האָבן ביידע מיידלעך זיך אָפּגעשאָקלט אין שרעק, אוי, שטעל זיך נאָר פאָר: מיר וואָלטן איצט אַלע געלעגן אין אַ פינצטערן און קאַלטן באַראַק".

„און דו ווייסט, טאַטעשי, — האָט זיך אָנגערופן דאָס עלטערע מיידל — דו ווייסט, ווען נישט דר. סיימאָן (ער איז געווען איר באַקאַנטער) וואָלט מען אונז זיכער געשיקט קיין גלאסקאוו".

די אויסגעגעבענע טאָכטער, מאַדאַם סאבינא, וואָס איז פּונקט אַריינ־געקומען, האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז אויף איר שווע־סטערס חלק זאָל אויספאַלן דאָס גאַנצע חלק פון אָפּראַטעווען די משפחה, האָט זי זיך געגעבן אַ רוף אָן: „זאָל דער טאַטעשי נישט הערן וואָס זי רעדט דאָרט. הער בלאָך האָט מיר געזאָגט, אַז ווען נישט ער וואָלט זיך אַריינגעמישט, וואָלטן מיר אַלע איצט געווען אין גלאסקאָוו".

„אודאי, האָט זיך געקרימט דאָס שוועסטערל, אודאי, אַ וואַזשנע דעה האָט בלאָך ביי אַזעלכע זאַכן".

„ווער דען האָט אַ דעה, דיין דאָקטערל סיימאָן?" איז סאַבינא שוין געווען גרייט זיך צו קריגן, נאָר ר' שמואל האָט אַ קנייטש געגעבן דעם שטערן, אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מינע פון אומגעדולד, און אַ מאַך געבנדיק מיט דער האַנט, האָט ער זיך אָנגערופן: „וואָס איז דען

די נפקא מינה, ווער? אַבי מיר זיצן ברוך השם אין דער היים און ניט אין גלאַסקאָוו". און ווידער האָט ער אַזוי בנעימותדיק געזופּט געלאַסן און רואיק זיין גלאָז טיי.

און אָט דער שמועס האָט מיטאַמאָל יאסקען אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערטקייט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז אייגנטלעך האָט מען שוין פאַרגעסן אָן ביילען. קיינעם גייט גאָר ניט אָן וואָס מיט איר וועט געשען, און אַלע קוויקן זיך און זיינען צופרידן וואָס זיי האָבן אויסגעמיטן דעם קאַראַנטין פון גלאַסקאָוו און ווייטער גאָר נישט. האָט ער דערפילט ווי טרערן שטיקן אין האַלדז און רוקן זיך אַרויף אַלץ נענטער צו די אויגן. און אָט, אָט וועט ער אַרויספּלאַצן מיט אַ געוויין. האָט ער אויף גיך זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

ער איז באַלד אײַנגעשלאָפן מיט אַ האַסטיקן אָבער אומרואיקן שלאָף פון אַ מענטש וועמענס נערוון זיינען אַ גאַנצן טאָג געווען אין כסדרדיקער שפּאַנונג. כל ערליי משוגעדיקע בילדער און חלומות האָבן אים געגומען פייניקן. און אָט שניידט זיך אַרויס פון דער נאַכט אַזאַ בילד: עס איז אַ נאָך סוכותדיקער טריבער חשון טאָג. דער הימל איז איין שטיק ברודיק־גראָע שמאַטע; אַ דראָבנע פויל רעגנדל קאַפּעט און פרעסט זיך איין מיט אַזוי פיל אומעט אינם געמיט; דער גרויסער פירעקיקער מאַרק איז כמעט אָפּגעליידיקט פון מענטשן, אויסער וואָס דאָ און דאָרט, עפּעס ווי צעוואָר־פענע, שטייען עטלעכע איינזאַמע פויערשע וועגעלעך. די פערדלעך, נאַסע און צעווייקטע פון רעגן שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרזונקען אין די טאָרבעס; זיי שטייען און באַוועגן אַפילו נישט מיט די מאָרדעס, אַזוי, אַז עס דוכט זיך אַז זיי עסן אַפילו נישט פון די טאָרבעס, וואו זייערע קעפּ זיינען פאַרזונקען. בלויז פון צייט צו צייט גיבן זיי אַ שאָקל אַראָפּ פון זיך דאָס וואַסער פון די רוקנס און ווידער בלייבן די קעפּ אומבאַוועגלעך פאַרזונקען אין די פינצטערע טאָרבעס. אויך די פויערים, די באַלעבאַטים פון די וועגעלעך שטייען און רירן זיך נישט פון די ערטער. און די זעק אין וועלכע זייערע קעפּ זיינען פאַרהילט, פאַלן אַראָפּ אויף די פּלייצעס.

עס פאָרט אָן פון אייזשע בעקערס געסל לייביש הירזש; דאָס גראָע אויסגעדאַרטע פערדל מיט די הויכע פיס ווי פון אַ באַטשאַן, שלעפּט זיך קוים איבער דער בלאָטע, און פּלוצלונג האָט זיך דאָס פערדל פאַרטשע־פּעט און איז אַנידערגעפאַלן; לייביש הייבט אָן שרייען: „נאַ, פאַדלע, נאַ!" און וויל צוריק אויפשטעלן דאָס פערדל, אָבער דאָס פערד בלייבט ליגן;

לייביש ווערט בייז און נעמט שלאָגן דאָס פֿערדל, צום ערשט מיט דער בייטש, דערנאָך דרייט ער איבער די בייטש און ער שלאָגט מיטן בייטש־שטעקל, און אַז דאָס אַלץ העלפֿט נישט און דאָס פערדל רירט זיך אַלץ נישט פון אָרט, ציט לייביש אַרויס אַ קלאָניצע פון וואָגן און מיט אויסער־געוויינטלעכער רציחה הייבט ער אָן שלאָגן דאָס ליגנדיקע אין דער בלאָטע פערדל. די קלעפּ פאַלן וואָס אַמאָל אַלץ האַסטיקער און הילכן אָפּ מיט אַזאַ האַרטקייט, גלייך מען וואָלט געקלאַפּט מיט האָלץ אין עפּעס אַ האַר־טער און אויסגעטריקנטער זאַך. יאַסקע שטייט דאַלעבן, עס איז אים שווער צו פאַרשטיין און ער קאָן בשום אופן נישט באַנעמען פון וואַנען עס האָט זיך צו אָט דעם געלאַסענעם און שווערלעכן ייד, דערנומען אַזאַ ווילדע רציחה. „ר׳ לייביש, פּרואווט ער רידן צו אים, ר׳ לייביש, וואָס טוט זיך דאָ מיט אַייך, איר וועט דאָך דערהרגענען דאָס אָרעמע באַשעפעניש!״

„זאָל עס פּייגערן ווי אַ הונט״, צישעט לייביש אַרויס פון צווישן די ציין, און זיין געלע באָרד צעגיסט זיך אַ גאַוועט וואָס רינט פון מויל און פון דער נאָז. יאַסקע כאַפּט אַ בליק צו דעם ליגנדיקן פֿערד און דער־זעט, אַז דער קנאָך פון אונטערשטן טייל, דאָרט וואו עס הייבן זיך אָן פאַרמירן די הינטערשטע פיס, אַז אָט דער קנאָך שפּיצט זיך אַרויס פון דער פעל, פּונקט ווי דער שפּיץ פון אַ שטעקן וואָס רייסט זיך אַרויס פון אַ דורכגעלעכערטן זאַק.

די גרויע פעל איז שוין רויט פון בלוט וואָס רינט פון דער דורכ־געלעכערטער פעל, אָבער לייביש, גלייך ער וואָלט בלינד געוועזן פון רציחה, פֿאַרמעסט זיך ווידעראַמאָל מיט דער קלאָניצע, און יאַסקע, רי־זיקירנדיק דער קלאַפּ זאָל אים טרעפן, גיט זיך אַ שטעל אַריין צווישן דעם פערד און לייבישן. ער בויגט זיך אַראָפּ צום ליגנדיקן פערד, און דאָ געשעט עפּעס אומגלויבלעכעס: דאָס פערד טוט זיך אַ האַסטיקן דריי איבער מיטן רוקן אויף דער ערד. איין האַליאָבליע איז צעבראָכן געוואָרן און די אַנדערע איז נאָך צוגעטשעפּעט צום פערדס האַלדז. דאָס באַשעֿ־פעניש טוט נאָכאַמאָל אַ האַסטיקן דריי און שטרעקט אויס אַלע פיר פיס אינדערהויך, ווי עס טוען געוויינטלעך פערד, ווען זיי וואַלגערן און קאַ־לערן זיך איבערן זאַמד. און פּלוצלונג דערזעט יאַסקע ווי דעם פערדס קאָפּ הייבט זיך פּאַמעלעך אויף פון דער ערד, בייגט זיך אָן און דער־נענטערט זיך צו די פיס און ווערט וואָס אַמאָל אַלץ לענגער און אויס־געצויגענער און שפּיציקער. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך הייבט דער קאָפּ אָן צו

פֿאַרלירן זיין פערדישע געשטאַלט און נעמט גאָר אָן די פאָרם פון אַ לאַנגן און האַרטן שנאָבל פון עפּעס אַזאַ מין ריזיקן פויגל וואָס יאסקע האָט אַמאָל געזען אויף אַ בילד. צוויי ברענענדיקע אויגן פינקלען אַרויס, פונקט ווי צעגליטע קוילן, אויף די פערדישע פיס האָבן זיך איצט פאַר־וואַנדלט און באַקומען שאַרפע און שפּיציקע נעגל און פון לייביש הירזש'ס פערדל איז גאָר געוואָרן אַ משונהדיק־ריזיקער פויגל און מיטאַמאָל גע־שעט עפּעס שרעקלעכעס: אַזוי ווי יאסקע שטייט אַזוי אָנגעבויגן, טוט אים אָט דאָס משונהדיקע באַשעפעניש אַ כאַפּ אַריין צווישן די פיס, ציט אים און דריקט אים צו זיך מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס פאַרפעלט אים אזש אָטעם. ער רייסט זיך מיט אַלע כוחות, און ווען ער טרעפט זיך ווידעראַמאָל מיטן קאָפּ פון אָט דער באַשעפעניש, דערזעט ער עפּעס אומגלייבלעכעס: עס קוקט אויף אים ביילעס פנים. און כאָטש ער געדענקט און ווייסט קלאָר און זיכער, אַז דאָס איז לייביש הירזש'ס פערדל, פונדעסטוועגן זעט ער גאָר אַ משונהדיק־גרויסן פויגל מיט אַ האַרטן שפּיציקן שנאָבל און דאָס פנים איז ביילעס, אינגאַנצן ביילעס. און די באַשעפעניש דריקט אים אַלץ פעסטער און פעסטער צו זיך מיט אַזאַ כוח, אַז עס איז אים שוין נישט מעגלעך צו אָטעמען און אָט, אָט וועט ער אינגאַנצן דערשטיקט ווערן. ער שטרענגט אָן אַלע כוחות, טוט אַ געשריי און כאַפּט זיך אויף.

די אַרומיקע פינצטערניש איז געווען אַזוי געדיכט און ממשותדיק, אַז דאָס יינגל האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרלוירענער אין דעם אַרומיקן ריזיקן חלל אין דער פינצטערניש וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט און פאַר־נומען אַלץ אַרום.

אויך די ערד פון אונטער די פיס איז פאַרשוואונדן און אויסגעוועפּט געוואָרן אין אָט דער ריזיקער חשכות און ער, יאסקע, שוועבט גאָר איצט אין דער לופט אין טויט שרעק נישט אַראָפּצופאַלן און פאַרשוואונדן צו ווערן אין דעם פינצטערן תהום.

נישט דאָס ערשטע מאָל האָט זיך יאסקען געטראָפן אויפצוכאַפּן זיך אינמיטן דער נאַכט און איבערצולעבן עפּעס ענלעכעס. אַמערסטנס האָט זיך אַזעלכעס פאַרלאָפן אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צונאַכטסן. פלעגט זיך טרעפן: ער כאַפּט זיך אויף אינמיטן דער נאַכט. אַרום איז אַזאַ שטאָק פינצטערניש און פאַר די אויגן וואָס רייסן זיך אין פינצטערן תהום אַריין, נעמען זיך אַנטפּלעקן אַזעלכע משונהדיקע בילדער. אַלע מעשיות וועגן שדים און טויטע וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט, אָדער געהערט פון זיין

חבר דעם קאשע מאַכערס ייִנגל, האָבן זיך אָנגעקליידט אין בלוט און אין פליייש און זיינען געשטאַנען ווי לעבעדיק פאַר די אויגן. ער פלעגט פאַרמאַכן די אויגן און אַריבערציען די קאָלדרע איבערן קאָפּ. אָבער אויך דורך די פעסט פאַרמאַכטע אָפּלען, און דורך דער איבערגעדעקטער קאָלדרע, האָבן זיך דורכגעריסן אָט די שרעק־בילדער.

אין אַזעלכע נעכט האָט ער אויסערגעווייינטלעך מקנא געווען זיין חבר אברהם דעם קאַשע מאַכערס, ווייל יענער איז געשלאָפן אין איין בעט מיטן טאַטען זיינעם. און ווי גוט עס איז, פלעגט יאסקע טראַכטן, ווען מען וועקט זיך אַמאָל איבער אין אַזאַ פינצטערע נאַכט און מען קאָן זיך צוטוליען צום טאַטנס פּליייצעס, וואָס באַשיצן פון אַלדאָס בייז. אויך איצט האָבן פון דער פינצטערניש גענומען אַרויסשווימען כלערליי שרעקנס בילדער. כאָטש ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, האָט ער נאָך אַלץ געזען פאַר זיך דעם משונהדיקן פויגל פון חלום. איצט נאָך בולטער, ווי אַזוי אָט די באַשעפעניש ליגט אין דער בלאָטע, די פיס איינגעפלאָנטערט און צעגויפגעקאָרטשעט, דער לאַנגער, האַרטער, האטשיקעוואַטער שנאָבל וואָס האַלט ביילעס פנים, מורמעלט און פישטשעט: מען האָט פאַרסאַמט, יאָסקעשי, מען האָט פאַרסאַמט, קינד מיינס . . .

און אָט איז די געשטאַלט פאַרשוואונדן און פון דער פינצטערניש שלייכט זיך אַרויס דאָס פנים פון הערש פישמאַנס איידעם, דער וואָס האָט זיך אויפגעהאַנגען, פונקט דאָס אייגענע פנים וואָס יאסקע האָט געזען ביי דער לויה אויפן בית עולם. אינגאַנצן בלאָ ווי אַ מילך און אַזוי אָנגעגאָסן ווי אַן אָנגעבלאָזענער פענכאזש, די אויגן אַזעלכע גרויסע און אויפגעריסענע, גלייך זיי וואָלטן פאַרגליווערט געוואָרן פון עפּעס שרעקלעכע זאַכן וואָס זיי האָבן דערזען. דערנאָך ווידער איז אַרויסגעשוואומען אַ בילד פון וואָס דאָס בלוט אין די אָדערן האָט אָנגעהייבן גליווערן: משה׳לע איז געשטאָרבן. און כאָטש יאסקע איז איצט אינגאַנצן וואַך און ער ווייסט, אַז דאָס איז ניט אמת, און וויפל ער שטרענגט זיך אָן מיטן גאַנצן כוח פון ווילן נישט צו דערלאָזן אַזאַ שרעקלעכן געדאַנק, איז ער אָבער בשום אופן נישט אימשטאַנד צו פאַרטרייבן די וויזיע וואָס איז טויזנט מאָל שטאַרקער ווי די ווירקלעכקייט. און ער זעט קלאָר און בולט משהלעס לויה און עס באַווייזט זיך איצט פאַר זיינע אויגן משהל׳ע, יאָס פנים פול מיט לעבער. פון וואַנען עס קריכן אַריין און אַרויס אַן אַ שיעור ווערעם גרע־

סערע און קלענערע. ער דערנענטערט זיך אַלץ נענטער, זעצט זיך אויפן בעט, פון די צוקאַלעטשעטע אויגן קייקלען זיך טרערן, און ער וויינט: זעסט, יאסקע וואָס פון מיר איז געוואָרן? און עס געשעט עפּעס אַ וואונ־דערלעכע זאַך: אין אָנבליק פון משהלעס טרערן איז די גאַנצע שרעק פאַרשוואונדן און אויסגעוועפּט געוואָרן, עס איז בלויז געבליבן אַזאַ האַרצ־רייסנדיקער ווייטיק און אָן אַ שיעור רחמנות און מיטלייד צום חבר וואָס איז איצט געקומען. יאסקע שטרעקט אויס די הענט אַרומצונעמען משהלען און אים צו־צודריקן צו זיין האַרץ. און אַלץ איז פאַרשוואונדן.

## קאַפּיטל 15.

צומאַרגנס איז יאסקע אויפגעשטאַנען אַביסל שפּעטער. די דורכ־לעבענישן און די געשעענישן פון נעכטיקן טאָג האָבן נאָך אַלץ געבריט און געמאַטערט זיין געמיט. עס איז אים געוואָרן אַזוי אומהיימלעך און ענג אין שטוב און ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, די זון האָט געשיינט און צעשמאָלצן די אַראָפּהענגנדיקע אייז־צעפּלעך פון די דעכער וואָס האָבן אויסגעזען ווי איבערגעקערטע טריפנדיקע ליכטלעך. דער שניי האָט געבלישטשעט מיט ווייסקייט און קלאָרקייט.

יאָסקע איז דורכגעגאַנגען דאָס באָד געסל, און ווען ער איז צוגעקו־מען לעבן בית המדרש, האָט ער דערזען אַזאַ סצענע: ביי די צוויי שמאָלע טירלעך פון בית המדרש־הויף, דורך וואַנען עס איז פאַראַן אַ דורכגאַנג אין דער צווייטער גאַס אַריין, שטייט דער אַלטער סטאַך קאצפּער מיט זיין טאָכטער. ביי די טירלעך שטייען עטלעכע יינגלעך פון די וואָס זייער אפלאג איז דער „וואַגאָן״, (וואַגאָן האָט מען גערופן דעם גרויסן בית המדרש אויוון, וואו עס האָבן געהאַט זייער אפלאג אַלע שטענדיקע לאָבוזעס און מאַרק גנבימלעך). און ווען דער אַלטער קאצפּער וויל דורכגיין דאָס טירל, גיבן זיך אָט די יונגען אַזאַ קונציקן צעשפּרייט איבער דעם דורכגאַנג און לאָזן אים נישט דורך. זיי טוען דאָס אויף גאָר אַ קונציקן אופן: איין טירל לאָזט מען פריי, און ווען דער אַלטער וויל דורכגיין, האָבן זיי אין געציילטע רגעס פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג, און ווען קאַצפּער קערט זיך אום צום פרייען טירל, טרעפט ער עס ווידער אַ פאַרשטעלטס.

אַ ווײַלע איז יאסקע געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו אָט דער שפּיל פון די יינגלעך מיט דעם אומבאַהאָלפענעם אַלטן. און באמת, איז עס געווען מאָדנע קאָמיש צו זען ווי אַזוי דער נידריקער סטאַך מיטן קליינטשינקן קאַפּעלושל אויפן שפּיץ קאָפּ ווייסע האָר, מיט די ברילן

אויף דער שפּיץ נאָז, טוט יעדעס מאָל, ווען ער טרעפט דאָס טיר׳ל אַ פּאַר־שטעלטס, אַ הייב אויף דעם קאָפּ מיט די אויגן פון אונטער די ברילן, און מיט די הילצערנע טרעפּעס אויף די פּיס, נעמט אויף גיך לויפן צום צווייטן טירל. דאָס קליינע קערפּערל שאָקלט זיך אינדערברייט אַהין און צוריק. די טאָכטער ווידער, אַ יונג מיידל, אָנגעטאָן אין אַ לאַנג קלייד וואָס שלעפּט זיך נאָך איבער די פּיס, און מיט אַזאַ היטעלע צענויפגעשטו־קעוועט פון פאַרשידן־קאָלירטע שטיקלעך סאַמעט, אַראָפּגערוקט ביז אי־בער די אויערן, שרייט און בייזערט זיך: „אַ וואָן לובוזיי!" און פּרואווט זיך אָפּיאָגן פון די יונגעץ וואָס גיבן זי יעדעס מאָל אַ שלעפּ ביים קלייד.

יאסקע האָט גוט געוואוסט ווער עס איז סטאָך קאצפּער, און נישט בלויז יאסקע, נאָר די גאַנצע שטאָט האָט געקאָנט דעם אַלטן סטאָך, וועל־כער האָט אַ לעבן לאַנג אָפּגעפּאַטערט ביים פאַבריצירן אַזאַ סאָרט נייעם סאַמאָכאָד, וואָס האָט באַדאַרפן געטריבן ווערן נישט מיט קיין בענזין, נאָר דורך אַזאַ מין ספּרונדזשינע גאָר. שטענדיק, ווען ער האָט געזען אָט דעם אַלטן גוי קלאָפּנדיק מיט הילצערנע שיך איבער דעם שטיינער־נעם ברוק, דעם שניי ווייסן קאָפּ אָן אויפגעהויבענעם און די אויגן וואָס האָבן זיך ווי געריסן אין דער ווייטקייט אַריין, שטענדיק ווען ער האָט אים געזען אַזאַ שטאָלצן, האָט יאסקע געקוקט און געטראַכט וועגן אָט דעם אַלטן ווי וועגן אַ מענטש פון אינגאַנצן אַן אַנדער וועלט, פון אַ וועלט וואו מען טראַכט פון אויסגעפינען עפּעס נייעס און אויסערגעווינטלעכעס.

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט יאסקע בייגעוואוינט אַ סצענע, טאַקע מיט אָט דעם אַלטן קאצפּער, וואָס האָט זיך געלייגט מיט אָן אַ שיעור שווערקייט אויף זיין געמיט. און זייט דעמאָלס, ווען ער האָט נאָר באַגעגנט אָט דעם אַלטן, האָט אים געטאָן אַ טיאָכק ביים האַרץ און אַזאַ אומעטיקער טרויער האָט אַרומגענומען דאָס געמיט. עס איז געווען מיט עטלעכע חדשים צוריק. יאסקע איז פּונקט געגאַנגען צו שלומ׳ן. פון דער ווייטנס האָט ער דערזען ווי עטלעכע מענטשן שטייען לעבן קאַצפּערס הויז. ער איז צוגעגאַנגען נענטער און דערזען ווי פון די ברייט־פונאַנדערגע־פּראַלטע טויערן וואו עס איז אַמאָל געווען קאַצפּערס קוזשניע, שלעפּן עטלעכע גויים אַ גרויסן קאַסטן, ענלעך צו אַ סאַמאָכאָד. פון פאָרנט, וואו עס געפינט זיך ביי יעדן סאַמאָכאָד דער מאָטאָר, איז אין אָט דעם קאַסטן איינמאָנטירט אַן אייזערנע קאַטשקע מיט צעשפּרייט־אויפגעהויבענע פליגל. שלעפּן מיט אַלע כוחות. און פּלוצלונג גיט אַ הויכער געשטופּעלטער גוי

אַ זאָג: כלאָפּצי, צו וואָס זאָלן מיר אַזוי שווער אַרבעטן און שוויצן? ווייזט אויס, אַז דער קאַסטן איז גענוג שווער, ווייל די גויים שוויצן און לאָמיר געבן אַ בעט דעם פאַן קאַצפּער, וועט ער אַנדרייען די קאַטשקע ביים ת . . . און דער סאַמאָכאָד וועט געבן אַ פלי, אַז עס וועט גיין אַ רויך . . . אַ הילכיק געלעכטער האָט אַרויסגעפּלאַצט פון אַלע אַרומשטיי־ענדיקע.

יאסקע האָט זיך געטראָפן מיט קאַצפּערס בליק. דער קאָפּ, וועלכן ער האָלט שטענדיק אַזוי פאַרריסן אין דער הויך, איז איצט אַראָפּגעבויגן און זינקט צו דער ערד און אין די אויגן, פלאַנטערט זיך אַ נישט־דער־גאַנגענע טרער. נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע, און דער אַלטער סטאַך וועט זיך צעוויינען צווישן דעם גאַנצן רעדל מענטשן ווי אַ קליין קינד. מיט שנעלע טריט האָט זיך דער אַלטער דערווייטערט, און ווען ענדלעך האָט מען דעם גרויסן קאַסטן אַרויסגעשלעפּט פון דער קוזשניע און אים גע־לאָזט אויף דעם שכנותדיקן פּלאַץ און אַלע זיינען זיך צעגאַנגען, האָט יאסקע דערזען דעם אַלטן סטאַך זיך דערנעענטערן צו דער קופּע פאַר־זשאַווערט אַייזען, און די בליקן פון קאצפּערן זיינען געווען אַזעלכע, פּונקט ווי די בליקן וואָס מען לאָזט איבער ביים פאַרשיטן אַ קבר פון אַ נאָענטן אייגענעם מענטש. אָט וואָס עס איז געבליבן פון אַ מענטשלעך לעבן. דאָרט אַ בערגל מיט זאַמד און דאָ אַ באַרג מיט פאַרזשאַווערטע אַייזנס און אַ פיגור פון אַ קאַטשקע מיט צעבראָכענע פליגל...

פון יענעם טאָג אָן איז קאצפּערס גאַנג שוין נישט געווען אַזאַ זי־כערער, די הילצערנע פאַדעשוועס פון זיינע טרעפּעס האָבן שוין נישט אָפּגעקלונגען מיט פרייילעכקייט, נאָר זיך געשלעפּט איבער דעם שטיינערנעם ברוק. די אויגן האָבן זיך שוין נישט מער געריסן אין דער ווייטקייט, דאָס קלאַפּן פון די פאַדעשוועס האָט גיכער געמאַכט דעם אַיינדרוק ווי דאָס שלעפּן פון פיס און אַן אַלטן מאַן, און די אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָבן דער־ציילט פון האָפנונגען וואָס זיינען פאַרשוואונדן און אויסגעוועפּט געוואָרן.

אַ שיינע פּאָר מינוט האָט געדויערט דאָס רייצן זיך פון די יונגען מיט דעם אַלטן, ביז ער האָט זיך געגעבן אַ גליטש אויס און איז געפאַלן. און מיטאַמאָל האָט יאסקע דערפילט עפּעס ענלעכעס צו אַ ברי וואָס איז אים דורכגעלאָפן פון די שפּיץ־פינגער ביז צו די האָר אויפן קאָפּ. מיט איין שפּרונג איז ער געגעבן אַ לויף־צו צו אהרעלע וויעטש, דער וואָס איז געווען דער גאַנצער אָנפירער פון אָט דער שפּיל מיטן אַלטן, און אים

אַראָפּגעלאָזט אַ טראַסק גלייך צווישן די אויגן, אַז יענער האָט זיך אַזש אַ וואַקל געטאָן פֿון די פיס. אַ רגע איז אהרעלע געבליבן אַ צעטומעלטער, נאָר באַלד האָט ער זיך געגעבן ווי אַ כאַפּ אויף: „ווער? דו, ר' שמואלס זינדל גאָר כאַפּט זיך שוין צום שלאָגן. אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטנס אַריין!״ ער האָט זיך געגעבן אַ רייס פון אָרט, און אין איין אויגנבליק איז יאסקע געלעגן אויף דער ערד און קלעפּ האָבן זיך גענומען שיטן אי־בער אים, מיט דער שנעלקייט און ריטמישקייט ווי די קלעפּ פון די דרעש־שטעקנס וואָס פאַלן ווען מען דרעשט תבואה.

און פּלוצלונג האָבן צוויי שטאַרקע הענט אים גענומען אפּעררייסן פון אונטער דעם האַגל קלעפּ, און ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער דערזען פאַר זיך דאָס אָליוו־טונקעלע פּנים פון דוד טענענבוים. ער האָט אים געהאָלפן אָפּרייניקן פון שניי און צורעכט מאַכן די מלבושים, און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון שול־הויף.

אַ שווערע שטילקייט האָט געהערשט. יאסקע איז געגאַנגען אַ שווייגנדיקער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און אַ פאַרשעמטער. און ווירקלעך, איז אים איצט געווען אַ חרפּה אויפצעהייבן די אויגן און זיך צו באַגע־גענען מיט טענענבוימס בליק. „וואָס וועט ער איצט טראַכטן וועגן מיר? אַז איך שלאָג מיך אַרום מיט גאַסן־יונגען״, איז אַ געדאַנק דורך זיין מוח. און ער האָט דאָך אַזוי נישט געוואָלט אַז יענער זאָל דאָס טראַכטן וועגן אים.

זייט יענעם אָוונט ביי מאַניסן אין שטוב, האָבן פאַרבאָרגענע פעד־דים אים געבונדן און געצויגן צו אָט דעם מענטש. און בפרט, זייט ער האָט געהערט דעם שמועס צווישן טאַטע־מאַמע, וועגן טענענבוימס אָפּ־שטאַם, אַז ער האָט פאַרלאָזט אַ רייכע היים און זיך פאַרנומען אויף אַנ־דערע וועגן, איז אים דער פרעמדער יונגערמאַן נאָך טייערער געוואָרן און אַלץ מער האָט עס דעם ייִנגל געלאָקט צו יענעם. און נאַדיר גאָר דער ערשטער צוזאַמענטרעף פּנים לפּנים, ביי אַזעלכע אומשטענדן, שלאָגנדיק זיך מיט אהרעלע וויעטש.

אַזוי שווייגנדיק זיינען זיי צוגעקומען ביז צום ראָג פון דער באָד גאַס, און דאָ האָט טענענבוים זיך אָנגערופן: „אפשר וואָלט איר געווען אַ בעלן דורכצוגיין אַביסל? דער טאָג איז אַ שיינער, איך אַרבעט היינט ניט און כ'וואָלט גערן אַביסל שפּאַצירט״.

יאסקע האָט שווייגנדיק מסכים געווען און זיי האָבן זיך פאַרנומען

רעכטס, אַראָפּ צו דער בריק. און פּלוצלונג האָט טענענבוים אַ פרעג געטאָן: „נו, ווי פילט איר זיך? האָבן זיי אייך גוט צעקלאַפּט? נו, מילא, האָט ער געשמייכלט, דאָס שלאָגן זיך איז נישט קיין אומגליק, אָבער איר ווייסט? מיר דוכט זיך, אַז איר זייט עפּעס אַזוי שטאַרק אויפגערעגט און אַנגעצויגן. צופעליק בין איך פּונקט פאַרבייגעגאַנגען און איך האָב געזען ווי איר האָט זיך געכאַפּט דער ערשטער צום שלאָגן. אמת טאַקע — האָט ער ווייטער גערעדט — אמת, זיי האָבן זיך אומענטשלעך גערייצט מיט אַן אַלטן אומבאַהאָלפענעם מענטש, אָבער אין אייער האַסטיקן רייסן זיך צום שלאָגן איז, דוכט זיך מיר, געווען נאָך עפּעס אַ סיבה, נישט בלויז צוליב דעם אַלטנס אויסגליטשן זיך. נאָך פון פריער האָט איר געמוזט זיין שטאַרק אויפגערעגט און פאַרביטערט, און פון וואָס זאָל אַזאַ בחור אַרומגיין אַזאַ צעשרויפטער? האָט ער געשמייכלט. באַלד איז זיין פּנים ווידער געוואָרן ערנסט, און ער האָט געזאָגט — און בכלל זעט מיר אויס, אַז זייט יענעם אויפדערנאַכט ביי מאניסן אין שטוב זייט איר אַזאַ צערודערטער, און אויב איך האָב נישט קיין טעות, זייט איר יענע וואָך אַנטלאָפן ווען איר האָט מיך דערזען פאַרבייגיין״.

ווידער האָט געהערשט אַ שווערע שטילקייט. יאסקע איז געגאַנגען און געשוויגן. ווייל וואָס האָט ער געקאָנט ענטפערן? אַלץ וואָס טענענבוים האָט געזאָגט, איז דאָך געווען דער ריינער אמת. אין דען מעגלעך ער זאָל אים דערציילן און אַנטפּלעקן אַלעס וואָס דריקט אים? און ווידער האָט טענענבוים אָנגעהויבן:

„יאָ, איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, אַז ווי גערעכט איר זייט נישט געווען אין דעם פאַל, דאַרף מען זיך נישט בשום אופן כאַפּן שלאָגן. ווייל פאַר וואָס מיינט איר האָבן אָט די יינגלעך זיך גערייצט מיט דעם אַלטן? צוליב רשעות? הייבט זיך עס גאָרנישט אָן. נאָר וואָס דען? אָט די דאָזיקע יינגלעך זיינען דאָך אַלע גלייך צוגעשלאָגענע הינט. וויפיל קלעפּ, וויפיל קללות קריגט יעדער איינציקער פון זיי, איידער ער דערלעבט צו האָבן אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ קאַרטאָפלע אין מויל. און אָט האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט זיך אַ שפּיל צו טאָן מיט אַ שוואַכערן, טוט מען עס מיט פאַרגעניגן. קלעפּ וועלן דאָ גאָר נישט העלפן — האָט ער ווייטער גערעדט ווי צו זיך אַליין. — אַזאַ בחור ווי איר, הייבט קוים אָן צו באַמערקן די אומגערעכטיקייטן אויף אונדזער וועלט און אויגנבליקלעך וואָלט ער שוין געוואָלט אַלץ צורעכט מאַכן״, האָט ער געשמייכלט.

„הייסט עס, אַז מען דאַרף זיך אַפילו נישט אָנרופן”, האָט יאסקע מיט אַ מאָדנער געוואַגטקייט אַ פרעג געטאָן.

„איך האָב דאָס נישט געזאָגט, — האָט טענענבוים געענטפערט — אָבער דאָס זיינען זאַכן וואָס היילן זיך ניט אויס סתם אַזוי, ניט מיר, ניט דיר. עס גייט אינגאַנצן אין עפּעס אַנדערש. דאָ גייט אין פאַנאַנדערוואַרפן די פונדאַמענטן, וואָס זיינען סיי ווי סיי צעפּוילטע, און אָנהייבן בויען אַלץ אויפסניי. אַ סך מאָל טראַכט מען, אונטער דעם דרוק פון געשעענישן, אַז דער מענטש איז שלעכט. פרומע יידן ברענגען נאָך א ראיה פון דער תורה: „ויצר לב אדם רע מנעריו”. מיר דוכט זיך, אַז די גאַנצע מעשה הייבט זיך נישט אָן. רשעות און שלעכטס איז, לויט ווי מיר דוכט זיך, אַ פּועל־יוצא פון דער אייביקער בייטש פון הונגער און נויט וואָס פּאַכעט שטענ־דיק איבער מיליאָנען. אָט וועל איך אייך דערציילן אַ סצענע, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן:

„בעת מיין זיין אין פאַלעסטינע, בין איך אַמאָל געגאַנגען אין אַ ירושלימער געסל און דערזען אָט וואָס: אויף אַ קופּע מיט מיסט זיצן צוויי קליינע אַראַבישע ייִנגלעך, פון אַכט, אָדער ניין יאָר, מיט האַלב אויסגערונענע און פון טראַכאָמע אויפגעפרעסענע אויגן. ביידע האַלטן אַ לעבעדיק קעצל און שניידן עס פּאַמעלעך מיט אַ מעסער. דאָס קעצל רייסט זיך און מיאקעט מיט האַרצ־רייסנדיקן יאָמער. דאָס בלוט אין די אָדערן איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן. איך בין צוגעלאָפן און גענומען שרייען אויף זיי, האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן דאָס האַלב טויטע קעצל און פּאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען. איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אָט די איי־גענע אַראַבישע ייִנגלעך האָבן דעם אייגענעם טאָג, אָדער מיט אַ טאָג פריער געקראָגן געשמיסן אין די פּיענטעס”.

טענענבוים איז שטיל געבליבן. און כאָטש יאסקע האָט אייגנטלעך נישט באַנומען דעם גאַנצן שמועס, וואָרט ביי וואָרט, אָבער דעם אינ־האַלט דערפון האָט ער געפילט, דערפילט פון די שפּיצן פינגער ביז צו די וואָרצלען פון די האָר אין קאָפּ.

„און וואָס דאַרף מען טאָן?” האָט ער געפרעגט.

„דאָס לעבן וועט אייך שוין אויסלערנען וואָס צו טאָן, — האָט דוד טענענבוים געענטפערט — דאָס וויכטיקסטע איז: נישט לאָזן פאַרלעשן דעם פונק פון אומרו, פון אומצופרידנקייט, וואָס האָט אָנגעהייבן גליען אין יונגן האַרץ”.

## קאַפּיטל 16.

און אין יאסקעס לעבן האָבן אָנגעהייבן אויפגיין טעג נייע און קלאָרע. זייט דעם לעצטן צוזאַמענטרעף מיט דוד טענענבוים, האָבן די אַלע געשעעענישן וואָס האָבן זיך איבערן ווינטער, מיט אַמאָל, אַ שיט געטאָן איבער זייער קאָפּ, אָנגענומען פאָרם און אַ סדר. ער האָט זיך אָפטער געטראָפן מיט דודן און ער פלעגט אויך אַמאָל אַריינקומען צו אים אין שטוב נעמען עפּעס צום לייענען. און אַ מאָדנע זאַך: דוד האָט כמעט קיינמאָל נישט גערעדט מיט אים וועגן די זאַכן וואָס יאָסקע וואָלט אַזוי גערן געשמועסט וועגן זיי. ער האָט דאָס יינגל קיינמאָל נישט אויפגערייצט קעגן די זאַטע און רייכע; און אוודאי, חלילה, נישט דערמאָנט קיין איינציק וואָרט וואָס זאָל געבן כאָטשבי די מינדסטע אָנצוהערעניש קעגן זיין טאַטן און זיינע אייגענע. דאָס וואָס דוד האָט זיך יאָ באַמיט צו טאָן, איז געווען אויפצוקלערן, אַז דער סדר פון דער וועלט איז ניט אין אָרדנונג. אויך די ביכלעך וואָס ער האָט געגעבן יאסקען צו לייענען האָבן דערציילט, אַז אייגנטלעך פאַרמאָגט די וועלט ברויט, אַ מלבוש און אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר יעדן איינעם. נישט מער, נאָר כדי אַז אַ ר׳ שמואל, למשל, זאָל קאָנען וואוינען אין זעקס שטובן און ער זאָל קאָנען בריווח זיצן אין זיין ווייכן פאטעל, מוז מאניש פּיעקאלעק האָרעווען גאַנצע צוועלף שעה אַ טאָג און שפּעטער געשוואָלן ווערן פון הונגער. אָבער, האָט דוד טענענבוים געגעבן צו פאַרשטיין, די שולדיקע דאַרין זיינען נישט די ר׳ שמואלס און נישט קיין יחידים, נאָר דער סיסטעם וואָס מען דאַרף איבערמאַכן. און דערוואוסט האָט זיך יאסקע פון אָט די ביכלעך, אַז טויזנטער און טויזנטער זיינען געגאַנגען אויף תליות און פאַרפוילט געוואָרן אין תפיסות כדי צוצעשיטן די אַלטע פונדאַמענטן און אויפצובויען אַ נייעם סדר. האָט ער איצט נישט געטאַפּט אין דער פינצטער. עס האָט

געלאָקט מיט העלע פייערן אַ ברייטער, פרייער און ליכטיקער וועג, וועלכן ער וועט באַטרעטן.

עס איז שוין געווען סוף ווינטער, נאָך פורים. אינמיטן די טריב־רעגנדיקע און פויל־וועטערדיקע טעג, זיינען אויך אויפגעגאַנגען פריי־מאָרגנס, ווען פון אונטער די שול לוחות האָבן זיך פּאַמעלעך געזומען אָפּערשארן, פון צווישן די אַש־גראָע וואָלקנס, לויטערע, ווי נאָר וואָס אויסגעוואַשענע הימלען. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט די בלויקייט זיך געגאָסן ביז די גאַנצע גראָקייט איז ווי אויסגעוועפּט געוואָרן און פאַרשוואונדן. זיינען אויפגעשטאַנען טעג ליכטיקע און שטיפּערישע. האָבן פון די דעכער גענומען פאַלן טראָפּנס פולע און שווערע וואָס האָבן היל־כיק אָפּגעקלאַפּט אויף די שטיינער פון ברוק וואָס האָבן זיך שוין אפּער־געקראָגן פון אונטער דעם שניי און האָבן מיט נאַקעטער פייכטקייט גע־גלאַנצט אַנטקעגן דער יונגער זון. דאָס וואַסער פון די ראוועס האָט זיך צעשפּרייט און צעגאָסן איבער די גאַסן, און אין די קאַלוזשעס האָט זיך געשפּיגלט אַ יונגע חנעוודיקע זון.

אין איינעם אַזאַ טאָג איז יאסקע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. און צו וואָס נאָכאַמאָל איבערחזרן ווי אַזוי דער טאָג האָט אויסגעזען? איז דאָך דער פרילינג שוין אַזוי פיל מאָל באַזונגען געוואָרן און מער חן פון נאָך עטלעכע בלאָסע ווערטער וועט דאָך אים שוין סיי ווי סיי נישט צוקומען. נאָר דאָס אָרעמע און נאַרישע מענטשלעכע האַרץ, ווי אומבאַהאָלפן עס איז. קוים האָט יאסקע דערפילט דעם מילדן גלעט פון דער יונגער זון איבער זיין פּנים, קוים האָבן זיינע פיס גענומען טאָפּטשען אין די אין דער זון שפּיגלענדיקע קאַלוזשעס, האָט זיך עפּעס אַ פריידיקע צעגאָסן אין אַלע זיינע גלידער, אַ פרייד אַזאַ צעפּראַלטע און אַזאַ קוועלנדיקע, און געטראָגן פון אומזעבאַרע כוחות, האָט ער אָנגעהייבן שפּאַנען, אַליין נישט ווויסנדיק וואוהין.

אַ שטיק צייט האָט ער אַזוי געשפּאַנט איבער די מיט זון־פּאַרגאָ־סענע געסלעך, ביז ער איז צוגעקומען צו דעם בריקל אין סאַמע עק שטאָט. מוטנע קופּעס וואַסער האָבן זיך מיט גערויש און געפילדער גע־ריסן אין דער שמאָלער קאַרעטע פון טייכל. די אויפגעבלאָזענע כוואַליעס האָבן זיך אָנגעשטויסן און איבערגעלאָפן איינס איבערן צווייטן, זיך גע־שטופּט פונקט ווי אַ קופּע מענטשן וואָס אַלע מיטאַמאָל ווילן זיך דורכ־רייסן דורך אַ שמאָלער טיר. זומער האָט זיך דאָ — אַנטקעגנאיבער דעם

טייכל — אויסגעשפּרייט אַ לאַנגער פּאַס שאָסיי וואָס האָט זיך איינגע־שניטן אין די גרינע פעלדער און לאַנקעס פּונקט ווי אַ געשלענגלטער פּאַס אין סאַמע מיט פון אַ פּולפאַרביקן טעפּיך. איצט אָבער זיינען די אַרו־מיקע פעלדער געווען פאַרגאָסן און ערטערווייז נאָך באַדעקט מיט ברודיקן שניי, וואָס די זון האָט נאָך נישט באַוויזן צוצושמעלצן. לינקס האָט אַ שמאָל פעלד וועגל זיך געקאַלערט וואָס אַמאָל אַלץ משופּעדיקער ביז עס האָט זיך אָפּגעהאַקט און געבליבן שטיין ביי אַ שמאָל טייכל וואָס האָט דורכגעשניטן די ברייט פון טאָל און זיך פאַרנומען ערגעץ העט ווייט צווישן די פעלדער. נישט איינמאָל פלעגט יאסקע זומער צייט פאַר־בלאָנדזשען דאָ אַהער.

איינגעהילט אין שטילקייט ליגט דער טאָל, פונדערווייטנס מיניען זייערע ווייס געקאַלעכטע ווענט, עטלעכע נידריקע כאַטעס, פון אַ קוימען שלענגלט זיך אַ ווייסלעכער רויך וואָס מישט זיך אויס מיט דער אַרומי־קער בלאָקייט. ארום גרינען זיך לאַנקעס, גאָלדיקן זיך פעלדער און פון דערווייטנס זילבערט זיך אַ פיר קאַנטיק גריקע פעלד. דאָס טייכל בליש־טשעט ווי אַ ליכטיק אויג אַנטקעגן די הימלען און העט, העט ווייט, ביים סאַמע ראַנד פון האָריזאָנט, שלאָגט זיך דער בליק אָן און בלייבט שטיין פאַר אַ געדיכטער טונקעלער וואַנט פון וואַלד וואָס טונקט זיין ריזיקן קאָפּ אין די בלויקייטן.

יאסקע איז אַריבער דאָס בריקל, דער גאַנצער טאָל איז איצט גע־לעגן פאַרגאָסן, פון די העכערע ערטער האָבן אַרויסגעקוקט נאַסע צע־פאַרעטע און נאַקעטע שטיקער ערד. פון ערגעץ וואו האָט זיך אָפּגעדעקט אַ בלאָס שטיקל גרין פון אַ לאַנקע און אַלץ אַרום איז געווען פאַרגאָסן פון שפּעטיקער ליכט און פרייד. און יאסקען איז איצט אַזוי גוט צו טאָפּ־טשען אין דער צעווייקטער און צעפאַרעטער ערד; וואָס טיפער זיינע פיס זיינען געזונקען, וואָס שווערער דער גאַנג איז געוואָרן, וואָס מערער ער האָט זיך צעוואַרעמט, אַלץ פריידיקער איז דער געמיט אים געוואָרן; עפּעס אַן עקשנות, אַליין נישט וויסנדיק פאַר וואָס, האָט אים געשטויסן צו שפּאַנען אַלץ ווייטער, ווייטער און ווייטער.

פלוצלונג איז ער געבליבן שטיין לעבן אַ נידריקער און איינגע־הויקערטער כאַטע, אויף וועלכער דער דאַך איז געלעגן אַזוי נידריק אי־בערגעוואָרפן אויף די זינקנדיקע ווענט, פונקט ווי אַ ריזיקער דאַשעק פון אַ היטל אַראָפּגעצויגן ביז איבער די אויגן. פון דער פאָדערשטער

וואַנט וואָס איז געווען אויסגעבעט מיט שטרוי און פּאַרוויאַנעטע בלעטער, האָט אַרויסגעשבלישטשעט אַנטקעגן דער זון אַ קליין זעקס שייבלדיק פענצטערל, פּונקט ווי אַן אויג וואָס גלאָנצט אַרויס פון אַ פאַרהילט פּנים. פון פענצטערל האָט אַרויסגעקוקט אַ דיקלעך פּנים פון אַ מיידל און אירע גרויסע אויגן האָבן געבליקט מיט אַזאַ אויפגעריסנקייט, גלייך זיי וואָלטן ווען איינזאַפּן אין זיך דעם גאַנצן דרויסן אַרום. יאסקעס בליק האָט זיך געגעבן אַ גליטש איבער דעם מיידלס פּנים און עפּעס אַ פונק האָט אויפגעבליצט אין זיין זכרון; באַלד איז אָבער דער פונק פאַרלאָשן געוואָרן, פונקט ווי דאָס פלעמל פון אַן אָנגעצונדענער שוועבעלע אין אַ פינצטערער נאַכט וואָס דער ווינט פאַרלעשט אייגנבליקלעך.

פלוצלונג האָט דאָס מיידל ביים פענצטער פריידיק אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זי האָט אויסגערופן: „יאסעק, טייערער יאסעק, פון וואַנען דערנעמסטו דיך אַהער? גיב נאָר אַ קוק, א טראַף!“ דערזעענדיק דעם אויסדרוק פון פאַרוואונדערונג אויף יאסקעס פּנים, האָבן זיך אירע אויגן אָנגעהייבן צו שאָטענען מיט טרויער און זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: „דערקענסט נישט, יאסעק?“ נאָר איידער זי האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן: „דאָס בין איך דאָך, יוזשא“, ווען די ווערטער זיינען איר שוין געלעגן אויף די ליפּן, האָט יאסקע מיט איינגעשפּאַרטקייט נאָכאַמאָל אַ בליק געטאָן אויף דעם פּנים; און פּונקט ווי אַ פונק אונטער אַש וואָס ווערט אויפגעבלאָזן פון אַ ווינט, אַזוי האָט אויך אין יאסקעס מוח אַ בליץ אויף געטאָן מיט העלקייט אַ דערינערונג פון זיינע פריע קינדער יאָרן.

עס איז געווען מיט אַן ערך זעקס יאָר צוריק; יאסקע איז דעמאָלס אַלט געווען אַ יאָר ניין; אַנטקעגנאיבער ר׳ שמואלס פאַבריק איז געשטאַנען מאריא דאמאנסקיס הייזל. דאָס איז געווען אַן אַלטע איינגעהויקערטע כאַטע מיט קליינע איינגעזונקענע פענצטערלעך. אין אָט דעם הייזל, פּונקט ווי אין פישל פּסחס דעם באַגראָבערס הויז, האָט געוואוינט די ייִדישע אָרעמקייט — אַזוי האָט אויך אין מאריא דאמאנסקיס כאַטע געוואוינט די סאַמע גויישקע אָרעמקייט. עס האָט דאָרט געהאַט איר דירה אַ הויכע גויע מיט אַ צעפּלאַטשטע נאָז און אייביק צעפּלאָשענע קודלעס פון אָפּגעריבענעם שטרוי קאָליר. די גויע האָט נישט געהאַט קיין מאַן, דערפאַר אָבער האָט זי יעדעס יאָר געהאַט אַ קינד. עס האָט דאָרט געוואוינט אַ הויכער, דאַרער גוי מיט צוויי געלע וואָנצעס און רויטע, ווי מיט בלוט אָנגעגאָסענע, אויגן. זיין ווייב איז געווען אַ קליינע, אַ דאַרע און איז

אייביק אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָנגעבלאָזענעם בויך. שטענדיק איז ער אַהיימגעקומען אַ שיכורער און אייביק האָט זיך פון זיין שטיבל געהערט די געוואַלטן פון ווייב מיט די קינדער, ווען ער האָט שיכורהייט גע־שלאָגן מכת רצח. בלויז איין איינוואוינער פון דאמאנסקיס כאַטע איז איינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו די איבעריקע שכנים. בארטעק סאוואַ איז געווען אַ יונגער גוי פון אַ יאָר דרייסיק; אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן אָפּגעברענט טונקל פנים און צוויי בלויע לאַכנדיקע אויגן. זיין ווייב איז געווען מיט עטלעכע יאָר אינגער. זי איז געווען אַ נידריקע, אַ דראָב־נע; פון דעם קליינעם פנימל האָבן אַרויסגעקוקט צוויי טיף בלויע אויגן, און פון אונטערן ווייסן קאָפּ־טיכל האָבן זיך, ווי מיט געוואַלד אַראָפּגע־גנבעט און זיך געכוואַלעט פּאַסמעס בלאָנדע האָר.

אָט דאָס פּאָר פּאָלק: סאוואַ, איז געווען אַן אויסנאָם פון די רעשט שכנים אין מאַריע־דאמאנסקעס הויז; זייער שטיבל איז שטענדיק געווען ריין און ציכטיק אויפגערוימט. ער איז געווען אַ „וויראבניק" און פלעגט אַרבעטן ביי וואָס עס האָט זיך געלאָזט, אַבי צו פאַרדינען. די בלאָנדע גויע, זיין ווייב, האָט געהאַט ביי אים אַ גאַנץ גוט לעבן, ווייל בארטעק האָט קיינמאָל ניט געשיכורט און דאָס ווייב האָט ער גערופן: „קינדעלע מיינס". און אָט דערמאָנט זיך יאסקע: איינמאָל אין אַ זומערדיקן פאַר־נאַכט, איז „זייער" ביילע אַריינגעגאַנגען צו די סאוואס, ער איז מיטגע־לאָפן און ער האָט געזען אָט וואָס: ביים טישל וואָס איז געשטאַנען אינ־מיט שטוב, איז אויף אַ לאַנג בענקל געזעסן בארטעק, ער איז געווען אָן אַ רעקל, די אַרבל פון העמד אַרויפגעקאַטשעט ביז איבער די עלנבויגנס, און אויף דער שויס האָט ער געהאַלטן: אויף איין קני דאָס אַכט יאָריקע מיידעלע זיינס און אויף דער צווייטער קני האָט ער געהאַלטן דאָס ווייב, וועמענס טאַליע ער האָט אַרומגענומען מיט דער האַנט, און אַלע האָבן געגעסן.

ווען ביילע האָט געעפנט די טיר, האָט זיך די באַרטקאָווע פאַר־שעמט, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון מאַנס קני און אים אַ לייכטן פּאַטש געגעבן אין דער האַנט, מיט וועלכע ער האָט זי ווידער געוואָלט אַרומ־נעמען. „לאָז שוין אָפּ, משוגענער", האָט זי זיך מ'כלומרשט געבייזערט. „,האָסט געזען, ביילע, אַזאַ גרויסער כלאָפּ און מאַכט זיך נאָך אַלץ נאַריש".

יאסקע דערמאָנט זיך ווי אויף ביילעס פנים האָט געגעבן אַ שלאָג אַרויס אַ רויטקייט, גלייך זי וואָלט זיך פאַר עפּעס געשעמט, און נאכדעם

ווי זי האָט געגומען ביי דער בארטקאווע דאָס האַלבע שאָק אייער, האָט זי אויפן וועג אַהיים געמורמלט אין זיך אַריין מיט אַזאַ שטיל און טרויעריק קול: „זעסט, כאַטש עשיו, זיין עשירות מ׳שטיינס געזאָגט, און מען לעבט ווי די טייבעלעך און איך, כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, מיין לעבן און מיין אָפּקומעניש״.

מיט אַ יאָר שפּעטער, — דערמאָנט זיך ווייטער יאסקע — האָט פּלוצלונג די בארטקאווע אָנגעהייבן אויסזען, וואָס אַ טאָג, אַלץ ערגער און פון טאָג צו טאָג איז זי אַלץ דאַרער און אויסגעטריקנטער געוואָרן. דאָס דראָבנע פּנימל איז געווען ווי אַיינגעשרומפּען און די אויגן זיינען אַלץ מער אַיינגעזונקען געוואָרן און אַרויסגעקוקט ווי פון טיפע לעכער אַרויס.

אויך באַרטעק איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ פינצטערער. זיינע אויגן האָבן שוין מער נישט געשפּריצט מיט שטיפערישער פריילעכקייט, נאָר גאָר געוואָרפן בייזע און פינצטערע בליקן און ביי די מויל ווינקלען האָט זיך אַיינגעקאַרבט אַ טיפער און עקשנותדיקער קנייטש.

ביילע פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען צו די סאוואס. ווען די בארטקאווע האָט אָנגעהייבן צו קרענקען, האָט ביילע אָפט מאָל דאָרט אַריינגעטראָגן אַביסל יויך, אַביסל שוואמען גריץ און דערציילט האָט זי, אַז די בארטקאווע דאַרט אַיין פון טאָג צו טאָג.

אַזוי איז פאַרביי אַ האַלב יאָר, ביז איינמאָל אין אַ טריב־האַרבסטיקן טאָג, ווען די הימלען זיינען געהאַנגען פאַרהילטע אין ברודיק־גראָע שמאַטעס, אַ פויל רעגנדל האָט געקאַפּעט און זיך אַיינגעגעסן מיט אומעט אין די געמיטער, האָט מען פון בארטעקס שטיבל אַרויסגעטראָגן אַ שווארצע טרומנע. עס זיינען נישט געווען, נישט קיין ליכט, נישט קיין פענער, עס איז נישט געגאַנגען פאַראויס דער גלח, בלויז עטלעכע גויים מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און אויגן געזונקען צו דער ערד, גלייך זיי וואָלטן זיך פאַר עפּעס געשעמט, — האָבן אין אַיילעניש געשפּאַנט מיט דער טרומנע אויף די אַקסלען. באַרטעק האָט געפירט ביי דער האַנט די קליינע יוזשאַ, וואָס האָט מיט אויפגעריסענע אויגן פון שרעק און צעטומעלטקייט, געקוקט אויף די אַיילנדיקע מענטשן, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט די מאַמען אין אַ קאַסטן און איצט לויפן זיי מיט איר ערגעץ וואו. זי האָט נישט געקאָנט נאָכאַיילן די גיכע טריט פון די דערוואַקסענע און זי איז אַלע ווייל אונטערגעשפּרונגען, גלייך זי וואָלט זיי געוואָלט דעריאָגן.

דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט מיט אַזאַ העשנדיקן יאָמער: „מאַמושאַ, מאַ־מושאַ, מאַמושאַ”.

יאשקע האָט דעמאָלט מיטאַמאָל דערפילט די גאַנצע שרעק פון טויט און דער טיפער ווייטיק פון אַן עלנט קינד וואָס בלייבט פאַריתומ׳ט האָט זיך אים אײַנגעגעסן אין זיין גאַנץ וועזן.

נאָר דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. נאָך דעם טויט פון זיין ווייב, איז באַרטעק עפּעס ווי איבערגעדרייט געוואָרן. אַסך מאָל איז ער אַהיימ־געקומען אַ שיכורער, דאָס שטיבל איז געווען אָפּגעלאָזט און יוזשאַ, וואָס איז ביי דער מאַמעס לעבן שטענדיק געווען אָנגעטאָן, כאָטש אָרעם, אָבער ריין און ציכטיק, — איז איצט אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן און פאַרוואָר־לאָזט.

און איינמאָל האָט זיך פאַרלאָפן אָט וואָס: אין איינער אַ ווינטער־דיקער נאַכט, איז אַריינגעקומען צו זיי אין קיך אַריין די קליינע יוזשע; זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לייכט קלײדעלע און אינגאַנצן האָט זי גע־ציטערט פון שרעק און קעלט. ווען ביילע האָט זי געפרעגט וואָס עס איז געשען? האָט די קליינע, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער און קלאַפּנדיק אַ צאָן אין אַ צאָן פון שרעק, דערציילט, אַז דער טאַטע איז היינט אַהיימגעקו־מען אַ שיכורער. ער האָט פּלוצלונג אָנגעהייבן צו ברעכן אַלץ פון שטוב. ווען ער האָט צעהאַקט דעם „אָבראַז” וואָס העגנט איבערן בעט, האָט זי זיך צעוויינט, און באַרטעק, גלייך ער וואָלט זי נאָר וואָס דערבליקט, האָט אָנגעהויבן שרייען: „שטיל זאָל מיר זיין, דו שטשערווע איינע, די מאַמע פוילט אין דער ערד און דו וועסט זיך מיר דאָ אַרומפּלאָנטערן אונטער די פיס און בעטשען?” ער האָט געכאַפּט אַ שטעקן און זיך געלאָזט צו דער קליינער, וועלכע איז אין גרויס שרעק אַנטלאָפן.

זי איז דעמאָלס געבליבן נעכטיקן ביי זיי אין קיך. צומאָרגנס איז ביילע אַריינגעגאַנגען צו באַרטעקן און אים אָנגעהייבן מוסרן פאַר וואָס ער פּייניקט דאָס קינד. יאסקע איז מיטגעגאַנגען. די גאַנצע שטיבל האָט אויסגעזען ווי אַ חורבה און אויף דער פּאָדלאָגע האָבן זיך געוואַלגערט שערבלאַך פון צעבראָכענע כלים און שטיקלעך גלאָז.

ווען ביילע האָט אים גענומען פאָרוואָרפן: ווי פּאַסט עס פאַר אים, אַן ערלעכן און האָרעפּאַשנעם מענטש צו פּייניקן אַן אייגן קינד? — האָט ער זיך געטאָן אַ האַסטיקן שטעל אויף פון דעם נידריקן בענקעלע, אויף

וועלכן ער איז געזעסן. זיין צעשויבערטע טשופרינע האָט זיך גענומען ווילד שאָקלען און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

,,וואָס איז דייך פאַרשיווע זשידאָווסקע דאגה? מיין בענקארט איז עס, מיין, מיין, און אַז איך וועל וועלן, וועל איך זי דערהרגענען, אויף טויט דערהרגענען! און אַז ביילע האָט אין גרויס שרעק זיך אָנגעהייבן רוקן צו דער טיר, האָט בארטעק אָנגעהייבן צו רעדן מיט אַ פאַרשטיקט קול: ,,נעם נישט פאַר שלעכט, ביילע, און זיי מיר מוחל די פּאַסקודנע ווערטער; אַ מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַן אָרעם גאָטס באַשעפעניש פון בלוט און פלייש, דער גרויסער ווייטיק רעדט דאָך אַרויס פון מיר".

אַ ווייל איז ער געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אָנגעהייבן: ,, זי, די ערד זאָל איר גרינג זיין, איז דאָך אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט; איינמאָל איז געקומען דער דאָקטאָר, געהייסן פילנעווען, עסן אַ סך פּוטער, מילך, יונגע הינדלעך און פאָרן קיין אָטוואָצק. וואו איז עס געווען פאַר מיינע כוחות און מיינע פאַרדינסטן? און די אָרעמע האָט געצאַנקט, פונקט ווי אַ ליכט געצאַנקט און אויסגעגאַנגען. און וואָס האָב איך געקענט העלפן? אויסשטרעקן אַ האַנט צום בעטלען? אויך דאָס איינמאָל געפּרואווט, צום גלח געגאַנגען, דערציילט אַלץ, האָט ער אַ גאַנצן רובל געשענקט, אַזש אויף צוויי פלעשלעך רפואות געסטייעט, האָט ער מיט גאַל געשמייכלט. און אָט דרייט זיך אַרום אַ מענטש איינער אַליין, קומסט אַהיים באַנאַכט, נישטאָ מער מארישע. באַנאַכט כאַפּסט זיך אויף אין דער פינצטער, דו שטרעקסט אויס די ארעמס, ווילסט אַיינטולען און אַרומנעמען דאָס דראבנע ליב־האַרציקע ווייבעלע, נישטאָ איר. נו, כאַפּ איך מיך אַמאָל צו צום פלעשל, ווערט אויף אַ ווײַלע גרינגער. נו, גיי זשע געזונטערהייט, ביילע, אַ דאַנק פאַרן צוטוליען יוזשען. מער וועט זיך שוין אַזעלכעס נישט איבער־חזרן".

זיי זיינען אַרויס פון בארטעקס שטיבל און ווידער האָט ביילע גע־מורמלט צו זיך: ,,וואָס איז דער וואונדער? כאָטש עשיו, אָבער ווי טוט אים. אַן אָרעמאַן איז גלייכער אַז ער ווערט אינגאַנצן נישט געבוירן, נישט קיין חילוק אַ גוי צי אַ ייד".

און כאָטש בארטעק האָט צוגעזאָגט, אַז עס וועט זיך מער אַזעלכעס נישט איבערחזרן, אָבער דער וואָרים, ווייזט אויס, האָט אים ווייטער גע־גריזשעט. האָבן זיך אָט די ווילדע אויסבּרוכן זיינע כסדר איבערגעחזרט און אַסך מאָל פלעגט די קליינע יוזשע קומען צולויפן אַ פלאַטערנדיקע

פון שרעק, זיך צו באַהאַלטן אין קיך. נישט איינמאָל אין אַזעלכע נעכט, ווען די קליינע יוזשע איז פאַרבליבן נעכטיקן ביי זיי אין קיך, איז יאסקע געלעגן מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטערניש און געטראַכט וועגן אָט דעם קינד. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען אָט דאָס גבירעשע יינגל האָט זיך אָנגעטראָפן פנים לפנים מיט מענטשלעכער נויט.

הייסט עס — האָט זיין געדאַנק געאַרבעט און געטראַכט, — הייסט עס אַז ווען באַרטעק וואָלט פאַרמאָגט אַ סך געלט, וואָלט אפשר זיין ווייב געווען געלעבט; וואָלט דאָס אָרעמע און ציכטיקע שטיבל ווייטער געאָ־טעמט מיט פרייד און די קליינע יוזשע וואָלט נישט באַדאַרפט אַלע ווײַלע אַנטלויפן פון איר שיכורן טאַטן? האָט אים אַרומגענומען אַ גרויס גע־פיל פון רחמנות צו אָט ־דער מיידעלע וואָס שלאָפט איצט ביי זיי אין קיך. האָט זיך פון זיין גאַנץ וועזן געריסן אַ פאַרלאַנג אַרומצונעמען און צוטוליען צום האַרץ דאָס פון שרעק פלאַטערנדיקע קינד און טרייסטן זי אָן ווערטער, נאָר בלויז מיט זיין גליענדיק געמיט. אַ יינגל אַ טרוימער ווי ער איז געווען, האָבן זיך אין זיין מוח גענומען וועבן און שפינען מאָדנע און אויסטערלישע פאַנטאַזיעס: פאַר וואָס אייגנטלעך זאָל שוין אָט דאָס מיידעלע נישט פאַרבלייבן ביי זיי אין שטוב? און אפשר וואָלט מען זי גאָר מגייר געווען? פאַר וואָס טאַקע נישט? יוזשע וועט ווערן אַ יידישע, זי וועט וואוינען ביי זיי אין שטוב, זי וועט זיין פונקט ווי אַ שוועסטערל, אָבער ליב האָבן וועט ער זי טויזנט מאָל מער ווי אַן איי־גענע שוועסטער, ער וועט אַזוי ליבט און צאַרט גלעטן אירע בלאָנדע האָר, און ווען ער וועט נאָר האָבן צייט, ווען ער וועט זיין פריי פון חדר, וועט ער מיט איר אַוועק דאָרט אויף דער לאָנקע און איר מאַכן פאַרגעסן די אַלע ביטערע איבערלעבענישן.

פאַרשטייט זיך, אַז פון אָט די אַלע נאַרישע און קינדערשע חלומות איז גאָר נישט אַרויסגעקומען. מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט באַר־טעק סאַווא זיך אַרויסגעצויגן פון די דאמאנסקיס הייזל. אַ שטיקל צייט האָט נאָך יאסקע זיך נאָך אַמאָל דערמאָנט אין יוזשען און דערנאָך איז אים אַלץ אַרויס פון זינען. איצט, פנים לפנים מיט אָט דער יוזשען, וואָס איז שוין איצט געווען אַ דערוואקסן מיידל, זיינען די אַלע דערינערונגען פון די פריע קינדער יאָרן געשטאַנען פאַר די אויגן ווי לעבעדיק.

„יוזשע, האָט ער פריידיק אויסגעשריגן, פון וואַנען האָסטו דיך דערנומען? וואו ביסטו געווען און פון וואַנען קומסטו?"

„האָסט דערקענט, האָבן אירע אויגן אויפגעלויכטן, דאַנקן גאָט, און איך האָב געמיינט, אַז נאָך אַזוי פיל יאָרן וועסטו שוין נישט דערקענען. אָבער וואָס שטייסטו אינדרויסן? האָט זי אַ זאָג געטאָן — קום אַריין, אין שטוב איז איצט קיינער נישטאָ און מיר וועלן קאָנען שמועסן אַ ווײַלע.

יאסקע האָט געעפנט אַ שווערע טיר וואָס האָט זיך באַלד פאַרקלאַפּט נאָך אים. זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים פענצטער, אָבער שוין מיטן פּנים צו דער טיר.

„קום אַהער נענטער, יאסעק, האָט זי געזאָגט, מיר איז אַביסל שווערלעך צו באַוועגן דעם קראַנקן פוס". יאסקע האָט זיך דערנענטערט צום פענצטער, זיינע אויגן האָבן זיך אַיינגעגעסן אין יוזשען; אַ חוץ דעם פלאַקסענעם קאָפּ האָר וואָס איז איצט געווען עטוואָס טונקעלער און די בלאָע אויפגעריסענע אויגן — איז אַלץ אין יוזשען געווען אַנדערש. פאַר זיינע אויגן איז איצט געשטאַנען אַ געוויקסיק מיידל וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל קליידל מיט פאַסן — פאַרקנעפּלט פון אויבן אַראָפּ; און צוויי שטייפע בריסטלעך האָבן זיך געריסן און געפּלאַטערט פון דעם קליידל תּפיסה, וואו זיי זיינען געווען פאַרשפּאַרט און איינגעצויגן.

זי האָט אים אָנגעוויזן אַ לאַנג נידריק בענקל; אויך זי האָט זיך צוגעזעצט און אירע בלאָע אויגן האָבן זיך געגליטשט מיט צאַרטקייט און ליבשאַפט איבער דער געשטאַלט פון דעם יינגל. אַ ווײַלע זיינען זיי אַזוי געזעסן אין שוויגן ביז יאסקע האָט זיך אָנגערופן: „דערצייל זשע מיר, יוזשע, וואו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?" מיט אַ ווייל שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז נאָכדעם ווי מען האָט דעם טאַטן אירן גענומען אין דער מלחמה, האָט זי זיך צוגעקילט אַ פוס; און נאָך כמעט אַ יאָר ליגן אין שפּיטאָל, איז זי מיט אַ צוויי חדשים צוריק אַהיימגעקומען, נאָר נישט אינגאַנצן אַן אויסגעהיילטע; און עס וואָלט איר טאַקע געווען אויסגעקומען נאָר צו וואַרפן זיך אַן וואַסער אַריין, ווייל וואוהין און צו וועמען האָט זי געקאָנט גיין, אַז אַרבעטן איז זי נאָך נישט אימשטאַנד. ווען נישט דער מאַמעס אַ ווייטע קרובה, די אַלטע יאַנאָווע, אַן עלנטע אלמנה אָן קינדער, וואָלט זי נישט אַריינגענומען צו זיך. מיט אָט דער ווייטער און אַלטער קרובה, דער פּאָן יעזוס זאָל איר באַנייען די יאָרן, קומט זי אויס אויף אַ גאַנץ גוטן אופן. אמת, קיין צו גרויסע נוצן פון איר האָט די יאַנאָווע נישט, אָבער האַלטן דאָס שטיבל אין אָרדענונג און אָפּקאָכן אַביסל עסן, ווען יענע גייט אַוועק אין שטאָט אַריין, אָדער צו־

העלפן די גאספאדארזשעס אויפן דאָרף, דאָס קען זי, יוזשע, טאָן. און מיט גאָטס הילף, ווען די פּוס וועט זיך אינגאַנצן פאַרהיילן, וועט זי אָפּ־דינען און אָפּצאָלן דער אַלטער יאנאווען פאַר דעם חסד וואָס זי טוט מיט איר. און די דייניקע וואָס טוען? — האָט זי זיך אָנגעהייבן אויספרעגן — וואָס מאַכט דער פאַן שמול? די פאני כומאַ? און יאָ,ביילע וואָס טוט? אַ וואויל און טייער מענטש אָט די ביילע, אַ סך מאָל האָט זי מיך צוגע־טוליעט און באַשיצט, ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען אַ שיכורער און מיך געוואָלט שלאָגן — געדענקסט, יאסעק? האָט מיט טרויער קלונגען איר ווייך קול. יאָ, — האָט זי ווייטער גערעדט — יאָ, איך האָב אַסך מאָל געטראַכט צוצוגיין צו אַייער שטוב און זען וואָס איר אַלע טוט. עס איז מיר אָבער נישט אויסגעקומען. ערשטנס, איז מיר שווער צו גיין און צווייטנס, אַ רגע האָט זי זיך געקווײנקלט, גלייך זי וואָלט געטראַכט, יאָ אָדער נישט רעדן און אַ זאָג־געטאָן: צווייטנס, ווייסטו דאָך, יאסעק, איך בין אַן אָרעם מיידל; האָב איך געטראַכט: ווי אַזוי וועט מען דאָרט אין דער רייכער שטוב קוקן אויף מיר? וואָסזשע וואָלט איך דאָרט גע־טאָן? און אַז זי האָט דערזען דעם טרויער וואָס האָט זיך געטאָן אַ שפּרייט אויס איבער דעם יינגלס פּנים און אַרויסגעקוקט פֿון זיינע אויגן, ביי די לעצטע ווערטער אירע, האָט זי אַ זאָג געטאָן: אוודאי, יאסעק טייערער, האָב איך דיך נישט אינזינען געהאַט, גאָט באַהיט, איך געדענק גאַנץ גוט ווי גוט דו ביסט געווען צו מיר; געדענקסט דעמאָלס מיט וואַצעקן?

אין דער מינוט איז פאַר זיינע אויגן געטאָן אַ שווים אַרויס יענער נאָכמיטאָג, ווען ער איז צוריקגעקומען פון חדר; אויף דער גאַס האָט אַ גרופּע מיט קינדער זיך אָנגענומען ביי די הענט און געטאַנצט אין אַ ראָד; אויך יוזשע איז געווען אינמיטן (עס איז שוין געווען נאָך דער באַרטקאָווס טויט). אַלע האָבן געזונגען און פריילעך געטאָפּטשעט מיט די פיסלעך אין זאַמד. פּלוצלונג האָט יוזשע אָפּגעלאָזט די הענטלעך פון די אַנדערע צוויי קינדער, דאָס טאַנצנדיקע ראָד איז איבערגעריסן גע־וואָרן. אַ רגע זיינען די איבעריקע קינדער געבליבן שטיין מיט האַלב־אָפענע מיילער, אויף די ליפּן האָט נאָך געפלאַטערט דער לעצטער קלאַנג פון איבערגעריסענעם געזאַנג און אַלע אויגן האָבן אויף אַ מינוט געקוקט מיט אַ פראַגע: וואָס האָט פּאַסירט? אָבער דאָס וואונדערן זיך פון די קינדער האָט לאַנג נישט געדויערט. וואַצעק, אַ שגצל פון אַ יאָר ניין, האָט דער ערשטער געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט פון יוזשען און

דערזען אָט וואָס: יוזשע לויפּט און צווישן די פיס פלאָנטערן זיך אירע אונטער־הייזלעך וואָס זי האָט פאַרלוירן ביים טאַנצן.

„טוט נאָר אַ קוק, קינדער", האָט ער אָנגעהייבן שרייען, אָנווייזנ־דיק מיט דער האַנט אויף יוזשען. ער האָט זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט. אין איין אויגנבליק איז ער שוין געווען לעבן יוזשען, איר געגעבן אַ הייב אויף דאָס קליידל. כאַ, כאַ, כאַ, האָט זיך דערהערט אַ פריילעך און הילכיק געלעכטער פון די רעשט קינדער.

יוזשע האָט זיך געריסן פון וואצעקס הענט, אָבער דאָס שייגעצל איז געווען שטאַרקער, ער האָט אַלץ העכער אונטערגעהייבן איר קליידל און פריילעך געשריגן: קוקטס נאָר, קינדער, יוזשעס מייטקעס זיינען צו־געבונדן מיט אַ שטריקל, פונקט ווי אַ טרעגער וואָס גייט אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, האָט ער געליאַרמט מיט הילכיק און פריילעך געלעכטער.

יאסקע איז פונקט אָנגעקומען. אַז ער האָט דערהערט דאָס פילדערן און לאַכן פון די קינדער, האָט ער זיך דערנענטערט און דערזען ווי יוזשע רייסט זיך מיט אַלע כוחות פון וואצעקס הענט; איר פּנים איז פון רויט געוואָרן וואַקסיק געל. וואַצעק האַלט זי פעסט, מיט איין האַנט האַלט ער זי אַרומגענומען און מיט דער אַנדערער רייסט ער און הייבט איר קליידל אַלץ העכער, און אַלע קינדער אַרום לאַכן מיט אַ הילכיק און שפּאָטיש געלעכטער. אַ מינוט איז יאסקע געבליבן שטיין ווי צעמישט. און עס קאָן גרייכלעך געמאָלט זיין, אַז ווען דאָס אייגענע וואָלט געווען געטראָפן מיט אַן אַנדער קינד, ניט מיט יוזשען, וואָלט ער אויך געווען מיט־געלאַכט, נאָר, אַז דאָס איז פאָרגעקומען מיט יוזשען, האָבנדיק פאַר זיך איר וואַק־סיק־געל פּנים מיט די צעשראָקענע אויגן, האָט עס אים פאַרקלעמט ביים האַרץ. איז ער מיט איין שפּרונג געווען לעבן וואצעקן, אים געטאָן אַזאַ האַסטיקן שטויס, אַז יענער האָט אָפּגעלאָזט דאָס מיידל און זיך אויסגע־צויגן אויפן זאַמד. די ווייסקייט פון איר נאַקעט קערפּערל האָט אַ בלענד געטאָן פאַר זיינע אויגן און דאָס פּנים האָט זיך באַדעקט מיט רויטקייט, און זי איז אַנטלאָפן.

פאַרשטייט זיך, אַז קיינמאָל איז וועגן דעם צו קיין רייד נישט גע־קומען צווישן אים און דער פרעמדער מיידל. נאָר שפּעטער, ווען ער האָט זי נאָכדעם געטראָפן ביי זיי אין קיך, האָט ער דערפילט איר דאַנקבאַרן און שעמעוודיקן בליק, וואָס האָט זיך בגניבה געגליטשט איבער אים און געזוכט זיך צו טרעפן מיט זיינע אויגן.

איז דאָס אַלץ, אין דער איינער מינוט, פאַרביי זיין זכרון און אויך איצט האָט פאַר זיינע אויגן אַ בליאַסק געטאָן די ווייסקייט פון דער מיידלס לייב, אָבער שוין נישט דאָס לייב פון אַן אַכט יעריק קינד, נאָר גאָר די פולע און רייפע פאָרמען פון אַ צעוואקסן און צעבליט פופצן יעריק מיידל. און אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָבן זיינע ארעמס זיך פאַרפלאָכטן אַרום דער מיידלס טאַליע; פרישע שפּראָצנדיקע יונגע בריסט־לעך האָבן מיט פעסטקייט זיך געדריקט אַלץ שטאַרקער און פעסטער. אַראָמאַט פון יונג לייב האָט מיט געררויש פון קאָכעדיק בלוט זיך געגאָסן און צעשפּרייט און געפּאָכעט מיט צעגליטע בייטשן פון ליידנשאַפט איבער זיינע געפּענטעטע פופצן יינגלשע יאָר. איז אים באַפאַלן עפּעס אַ מאָדנע בושה, ענלעך צו יענער חרפה וואָס האָט אים אינגאַנצן אַרומגענומען יענעם אויפדערנאַכט, ווען ער האָט געטראָפן אַרויסגיין זיין עלטערן ברו־דער פון הערשקע פסח יאַנקלס שטוב. און פּלוצלונג איז געשען עפּעס אַן אויסטערלישע און מאָדנע זאַך: אין סאַמע מיט פון אָט דער שיכורער באַרוישטקייט, איז געטאָן אַ שווים אַרויס דאָס ראָזע פּנימל פון רבקה מאַ־ניסעס; פון אירע גראַנאַטענע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ טיפער און שטילער טרויער, וואָס האָט אָן ווערטער געגרופן: יאסקע, טייערער, וואָס טוט דיר וויי? זיינען די ארעמס וואָס האָבן געהאַלטן פעסט איינגע־שלאָסן יוזשעס לייב מיטאַמאָל געוואָרן שלאַבעריק. אין איין מינוט איז ער געוועזן אויסגעניכטערט; האָט ער מיט לייכטקייט אַוועקגעשאַרט דעם מיידלס אַרעמס פון זיין האַלדז און געשעפּטשעט: זיי מוחל, יוזשע, מען טאָר נישט, ניין, מען טאָר נישט״.

## קאַפּיטל 17.

עס איז געווען אויף צומאָרגנס, נאָך דער אַזוי אומגעריכטער באַגעגעניש מיט יוזשען.

שעהן לאַנג איז ער יענע נאַכט געלעגן מיט אָפענע אויגן אויף זיין געלעגער. עפּעס אַזאַ שטילער און נאָגנדיקער טרויער האָט פאַרפלייצט זיין געמיט. ער האָט נאָך אַלץ געפילט דעם אַראָמאַט און די וואַרעמקייט פון יוזשעס בריסטן וואָס האָבן זיך געפּרעסט גלייך זיי וואָלטן געוואָלט זיך איינזאַפּן אין אים. פאַר זיינע בליקן האָבן נאָך אַלץ געשוועבט דער מיידלס פייכטע און פאַרנעפּלטע אויגן, ווי געהילט אין טרערן, ווען ער האָט אַוועקגעשאַרט פון זיין האַלדז אירע ווייכע אָרעמס און געמורמעלט: „ניין, יוזשע, ניין, מען טאָר נישט", און מיט וויפל טרויער האָט זיך געגאָסן איר קול, ווען זי האָט געפרעגט: „גייסט שוין אַוועק, יאָסעק? ווען וועסטו נאָכאַמאָל קומען?"

„מן הסתם וועל איך אַמאָל אַריינפאַלן צו דיר", האָט ער געענטפערט, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז נאָכאַמאָל דאָ אַהער וועט ער שוין קיינמאָל זיך נישט אומקערן.

וואָס־אַרע, זיינען עס אייגענטלעך, אָט די הויכע, נישט צום איבערשפּרייזן, וואַנט וואָס שטייען צווישן אים, ר' שמואל נירמאַנס ייִנגסטן זון און יוזשע, באַרטעק סאַוואַס טאָכטער? האָט ער זיך געפרעגט. און כאָטש ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער אויף אָט דער האַרבער שאלה, — אָבער געפילט האָט ער, אַז אַזאַ הויכע וואַנט איז יאָ פאַראַן און קיינמאָל וועט ער נישט אימשטאַנד זיין אָט די וואַנט אַריבערצושפּרייזן. און איז עס בלויז די פראַגע פון ייִד און גוי? אָדער איז עס אויך דער גרויסער תהום וואָס שפּרייט זיך אויס אין זיין גאַנצער טיפקייט צווישן די ר' שמואל נירמאַנס און די באַרטעק־סאַוואַס? און עפּנט

זיך דען נישט דער אייגענער אָפּגרונט מיט זיין גאַנצער ברייטקייט און טיפעניש — אויך צווישן די מאניסעס און די ר׳ שמואלס? האָט עס כסדר געעגבערט אין מוח. און געפייניקט פון אַזעלכע מחשבות, איז ער ערשט פאַרטאָג קוים איינגעשלאָפן.

ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, האָט שוין געמוזט זיין אַרום צען אַזייגער. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ ליכטיקער און קלאָרער; בלויע, ריינע און ווי אויסגעוואַשענע זיינען די הימלען געהאַנגען איבער דער וועלט, און אַ יונגע זון האָט מחיהדיק און צאַרט געגלעט. עס איז געווען אַ מאַרק טאָג; און כאָטש די צייט איז געווען אַ שווערע און די היינ־טיקע יאַרידים זיינען מיט גאָר נישט ענלעך געווען צו די פאַר־מלחמה־דיקע, ווען אויפן מאַרק האָט זיך געפונען פון כל טוב, פונדעסטוועגן זיינען זיך אויך היינט צענויפגעפאָרן פויערים פון דער געגנט מיט די ביסל אָרעמע אַרטיקלען, ווי אַ שטייגער: קאַרטאָפלעס, מערן און בו־ריקעס וואָס מען האָט נאָך געמעגט פריי פאַרקויפן.

יאסקע האָט זיך פאַרנומען מיט דער באָד־גאַס, כדי צוצוגיין צו זיין חבר שלום. ווען ער איז שוין געווען לעבן בית המדרש, האָט ער דערזען שרהלע כאַנטשעס, משהלעס מוטער מיט נאָך עפּעס אַ יידענע אַריינגיין אין בית המדרש. דאָס האַרץ האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן: ווייל צוליב וואָס גייט אַ יידענע אינמיטן טאָג אַריין אין מאַנסבילשן בית המדרש, אויב נישט אַיינרייסן ביים ארון קודש? איז ער נאָכגעגאַנגען און ער האָט טאַקע נישט געהאַט קיין טעות: משהלעס מוטער, אַזוי ווי זי האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פון בית המדרש, האָבן זיך ביי איר געעפנט אַלע טרערן קוואַלן פון איר צעווייטיקט האַרץ און מיט איר הייזעריק קול וואָס האָט זיך געריסן פון די סאַמע טיפענישן, האָט זי אָנגעהייבן: „יידן בני רחמנים, הייליקע תורות, באמיט זיך און בעט רחמים פאַר מיין איינציק קינד וואָס איז נעבעך אין גרויס סכנה". אַזוי וויינענדיק איז זי דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן בית המדרש ביז אַרויף צום ארון קודש, אַוועקגעשאַרט דאָס פרוכת, געעפנט די טירלעך, און פאַר־זינקענדיק דעם קאָפּ צווישן די הייליקייטן, האָט זי דאָרט אַריינגעוויינט איר צעבראָכן און פאַרקלעמט האַרץ.

יאָסקע איז געשטאַנען ווי אַ פאַרקלעמטער און ווי אַ פאַרשטיי־נערטער. כאָטש ער האָט נאָך מיט וואָכן פריער געוואוסט, אַז משהלעס טעג זיינען געציילטע, אָבער איצט, פנים אל פנים מיט די לעצטע מינוטן,

(ווייל ווען מען לויפט שוין אין בית המדרש אַריין אײַנרײַסן ספרים, איז שוין אַלץ כמעט ווי פֿאַרלוירן) — האָט אַ שטומער ווייטיק פֿאַרפּלייצט און אַרומגענומען זיין גאַנץ וועזן.

ערשט ווען משהלעס מאַמע מיט דער אַנדערער יידענע זיינען אַרויס־געגאַנגען פֿון בית המדרש, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין פֿאַרגלי־ווערטקייט און מיט שנעלע טריט אָנגעהייבן אײַלן צו משהלעס שטוב.

דאָ איז שוין געווען נאָך אַלעם; דורך די אָפענע טירן זיינען כסדר אַריין און אַרויסגעגאַנגען מענטשן; יאסקע האָט זיך אַריינגעשטופּט און צוגעגאַנגען צום בעט וואו משהלע איז נאָך געלעגן אָן אָפּגעדעקטער. ער איז געבליבן שטיין און זיך אײַנגעגעסן מיט די אויגן אין זיין טויטן חבר וואָס איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף. אויף די אײַנגעפאַלענע געלע באַקן האָט זיך געמיניעט אַ ליכטיקער שטראַל וואָס האָט געגלעט דאָס טויטע פּנים; די פֿאַרשפּיצטע נאָז איז געווען פֿאַרריסן און זיך ווי אײַנ־געשניטן אין לײַדיקן חלל און די אָפענע אויגן האָבן געקוקט מיט גלע־זערנער שטייפקייט גלייך אַרויף צום סופיט. ער האָט אַליין נישט גע־וואוסט ווי לאַנג ער איז אַזוי געשטאַנען אײַנגעאַנצן אַ פֿאַרגליווערטער, אַ פֿאַרשטאַרטער און געדאַנקנלאָזער, איינעסנדיק זיך מיט די בליקן אין משהלעס טויט פּנים פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אײַנזאַפּן אין זיך אויף אַלע אייביקייטן דעם לעצטן אויסדרוק פון זיין געשטאָרבענעם חבר. ערשט ווען עס איז אָנגעקומען משהלעס מאַמע און מיט אַ יאָמערלעך קלאָגן אַרויפגעפאַלן אויף איר טויט קינד, האָט יאסקע זיך אויפגע־כאַפּט. די פֿאַרגליווערטקייט האָט נאָכגעלאָזט, אַ שאַרפֿער ווייטיק האָט אַ ברי געטאָן פון די שפּיצן פינגער ביז די האָר פון קאָפּ און פון די אויגן האָבן זיך גענומען גיסן הייסע טרערן.

דער טאָג האָט זיך שוין פֿאַרנומען צום אונטערגיין, ווען מען איז אַראָפּגעגאַנגען פון בית עולם נאָך משהלעס לויה. אויפן שאָסיי האָבן די ראַנדן פון די הימלען זיך געצונדן אין בלוטיק־רויטער שקיעה; מיט טונקעלע, בלויקייט האָבן זיך אָנגעהייבן הילן די שפּיצן פון די בית עולםביימער וואָס אַ ווינטל האָט אַ טרייסל געטאָן און אַ שטיל סודותדיקער געמורמל איז אַדורך זייערע באַבלעטערטע צווייגן. פון אונטערן שפּיץ פון די הויכע שול־לוחות האָט גענומען אַראָפּנידערן די נאַכט און אָנ־געהייבן פֿאַרהילן און באַפֿאַרבן די הימלען אין טונקל בלוי.

יאסקע איז פֿאַרבייגעגאַנגען זייער הויז און אַפּילו נישט דערמאָנט זיך, אַז דאָ איז זיין היים. ער האָט אַליין נישט געוואוסט ווי אַזוי די פֿיס האָבן אים פֿאַרטראָגן און געבראַכט פֿאַר דער טיר פֿון מאַניסעס שטוב. עפּעס אַ מעכטיק געפֿיל האָט זיך געצונדן אין זיין האַרץ, געשטורעמט און גערופֿן: „נאָכן באַגעגענען זיך מיט דעם טויט, דאַרפֿסטו אין אַט דער שטוב זוכן דאָס ברויזנדיקע לעבן".

און עס איז נישט וויכטיק צו דערציילן, צי יאסקע האָט זיך יענעם אָונט יאָ, אָדער נישט געטראָפֿן מיט רבקהלען. סיי ווי סיי איז איר ליכ־טיקע געשטאַלט אַרויסגעשוואומען פֿון דער נאַכטיקער בלויקייט, סיי ווי סיי האָבן אירע זיידענע האָר געגלעט און געקילט זיין צעהיצט פּנים, סיי ווי סיי האָט דער אַראָמאַט פֿון אירע יונגע בריסטן זיך געגאָסן ווי דערקוויקנדיקער ווייַן אין אַלע זיינע גלידער און אַלץ איינס האָט ער זיך געשפּיגלט אין דעם לויטערן און קרישטאָל־ריינעם בליק פֿון אירע גראַ־נאַטענע אויגן.

און אַזוי, זייט ביי זייט, וועלן זיי ביידע שפּאַנען מיט לייכטע און שוועבנדיקע טריט צו אַ ליכטיק און באַנייט לעבן.

ס ו ף .

1.

מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך, גייענדיק אין גאַס, אָנגעטראָפן אַ פּלאַץ וואו מען האָט פונאַנדערגעוואָרפן אַן אַלטע געביידע. ווי געווינט־לעך, האָבן פאַרבייגייער אויף אַ מינוט זיך אָפּגעשטעלט כאַפּן אַ בליק. אויך איך האָב געכאַפּט אַ בליק און ווייטער געגאַנגען מיין וועג.

יענע נאַכט בין איך שעה'ן געלעגן מיט אָפענע אויגן אויף מיין געלעגער און בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן. כסדר האָט געשוועבט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון דער פונאַנדערגעוואָרפענער געביידע. וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט דאָס בילד אָוועקצויאָגן, האָט עס זיך אָבער ווי אַ זלידנע פּליג כסדר געטשעפּעט צו מיר; ווי אַ לעבעדיק באַ־שעפעניש געוואונקען מיט די אויגן, געמאַכט העוויות און געפילט האָב איך ווי אָט דאָס בילד בויערט ערגעץ אין דער טיפעניש פון מיין זכרון, גלייך עס וואָלט געוואָלט עפּעס אַרויסרופן. דערנאָך האָב איך געפילט, אַז עפּעס צישעט שוין אין מיר, פּונקט ווי דאָס ברויזן און רוישן פון זיך דערנענטערנדיקן וואַסער, ווען מען גראָבט אַ ברונעם, און באַלד האָבן אין מיין מוח גענומען אויפגיין שטיקלעך אָפּגעריסענע בילדלעך פון דער פאַרגאַנגענהייט אין מיין געבורטס־שטעטל, און פּונקט ווי פאַרשלאָפענע פונקטן אונטער אַ באַרג אַש — אויפגעבלאָזענע דורך אַ ווינט אין אַ שטאַרק פייער, אַזוי האָט אויך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך גענומען אויפשיינען אין מיין מוח אַ פּאַסירונג פון מיט יאָרן צוריק, וואָס האָט אין איר צייט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. נאָר לאָמיר אָנהייבן דערציילן אַלץ בהדרגה.

2.

אַ שטיק צייט נאָך פאַר דער מלחמה (איך האָב דעמאָלט געמוזט אַלט זיין אַ יאָר צען), האָב איך, גייענדיק אין גאַס ביי אונדז אין שטעטל, דערזען פון דערווייטנס אַ רעדל מענטשן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט לאַנג

טראַכטנדיק, בין איך מיט אַ פּאָר שפּרינג געווען אויפן פּלאַץ, בליץ שנעל זיך דורכגעפּלאָנטערט צווישן די פּיס פון די אַרומשטייענדיקע; און אָט וואָס איך האָב דערזען: עטלעכע גויים מיט העק אין די הענט, האָבן אונטער דער קאָמאַנדע פון משה צעשלאָר געריסן אַ דאַך פון נאָך כמעט אַ ניי — אויף רויט אָפּגעפּאַרבט הויז. די ברעטער און קראַקוועס, וועלכע זיינען געווען פעסט באַהאָפטן און זיך נישט געוואָלט אַזוי לייכט אונטערגעבן, האָבן געקרעכצט אונטערן דרוק פון די, צווישן זיי זיך אַריינ־שפּאַרנדיקע העק און לאָמעס; און געמאַכט האָט די סצענע אַן איינדרוק גלייך מען וואָלט געריסן שטיקער פון אַ געזונטן לעבעדיקן מענטשן.

באַלד פון ערשטן בליק האָב איך שוין געוואוסט וואָס די סצענע באַדייט, ווייל נאָך מיט אַ שטיק צייט פריער, האָט מען אין שטעטל גע־שמאַק געשמועסט, אַז עס פירט זיך אַ ספּראַווע וועגן פונאַנדערוואַרפן לייזער דוד שיעס ניי אויפגעבויט הויז. לויט די דעמאָלסדיקע געזעצן האָט מען נישט געטאָרט שטעלן קיין הילצערנע הייזער; און, ווי מען האָט געשמועסט, האָט לייזער אָנגעהייבן בויען זיין הויז מיט אַ חודש שפּעטער נאָכן דערשיינען פון געזעץ. טייל האָבן מגזם געווען און געזאָגט, אַז נישט מיט קיין חודש, נאָר אינגאַנצן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, און אונדזער שכן בערל שלוסארזש, אַ הויכער, דאַרער ייד מיט צוויי בייזע אויגן, וואָס האָבן אפּערגעקוקט פון אונטער געדיכט־באוואקסענע ברעמען — האָט, אויסהערנדיק דאָס שפּאַרעניש וועגן אַ חודש אָדער טעג, געגעבן אַ וואָרף אַ בייזן ביטולדיקן בליק אויף די אַרומיקע, און אַ זאָג געטאָן: „וואָס פּאָר אַ חודש, וואָס פּאָר אַ טעג? מיט איינציקע צוועלף שעה! פּאַרנאַכט האָט מען אויפגעקלעפּט די „אָבליאַוויענע" און אויף צומאָרגנס האָט זיך לייזער געשטעלט בויען". אַזוי צי אַזוי, די ספּראַווע האָט זיך פּאַרצויגן ביי אַ דריי יאָר, ביז לייזער האָט אומעדום פּאַרשפּילט, און היינט האָט מען דאָס הויז צעוואָרפן.

פון יינגלעך בין איך דאָרט נישט געווען קיין בן יחיד. אַ סך פון מיינע חברים זיינען געקומען זיך קוויקן מיט דעם גרויסאַרטיקן בילד. און כאָטש מיר האָבן זיך באַמיט צו מאַכן ערנסטע מיטפילנדיקע פּנימער פונקט ווי דערוואקסענע יידן, וועלכע האָבן באַדויערנדיק געשאָקלט מיט די קעפּ, אָבער טיף אין האַרץ, מוז איך צו אונדזער אַלעמענס שאַנד אויס־זאָגן — זיינען מיר געווען העכסט צופרידן פון אָט דער גאַנצער גע־שיכטע: ווייל נישט אַלע טאָג בויעט מען נייע הייזער און אודאי און

אודאי צעוואַרפט מען נישט קיין אַלטע, ווייל אַ ייד אַ בעל הבית פון אַ הויז, מעג עס שוין האָבן אַפילו משותלח׳ס יאָרן, מעג מען שוין אַפילו קענען מיט אַ שפּריז אַריבערגיין די פענצטער וואָס ליגן האַרט ביי דער ערד, מעגן די ווענט אַפילו האָבן אַזעלכע בייכער ווי אַ מעוברתדיקע יידענע אין ניינטן חודש — וועט אַ ייד זיין נחלה נישט צעוואָרפן. האָבן מיר יינגלעך טאַקע געקוקט מיט נייגער און אונזער התפעלות האָט זיך פון צייט צו צייט אויסגעדריקט אין אויסרופן: „זע נאַר, אַ קראָקווע צע־רייסט מען, אַ בעלקע הייבט מען אונטער״. איין יינגל, מיינס אַ חבר, האָט מיר געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי דער האַנט, און אַ זאָג געטאָן: „אָט האָסטו דעם באַלעבאָס, זעסט, דאָרט שטייט ער״. ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ ייד, מיט אַזאַ התפעלות, גליך מי יודע אויף וואָס פאַר אַ מציאה.

איך האָב לייזערן נישט געקענט און מיט נייגיר אים באַטראַכט. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ ייד אפשר פון אַ יאָר פופציק, העכער פון מי־טעלן וואוקס, אַ ביינערדיקער און דאַרער; פון צווישן דער שיטער־לאַנ־גער באָרד האָט זיך אויסגעשניטן אַן איינגעשרומפּן פּנים מיט צוויי איינ־געפאַלענע ווי איינגעשנורעוועטע באַקן; און טיף פאַרוקט אונטערן שטערן־ביין, פון אונטער געל־באוואַקסענע ברעמען, פונקט ווי פון אונטער צוויי אַראָפּגערוקטע דאַשקעס, האָבן אַפּערגעקוקט צוויי גרויע טעמפּע ווי פאַר־גליווערטע אויגן. היינט דערמאָן איך מיך, אַז ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט זיין בליק, בין איך אויף אַ מינוט צעטומלט געוואָרן פון שרעק. שרייבנדיק די שורות מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך קאָן מיך שוין מערער פונאַנדערקלייבן אין מיינע געפילן, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען מער אינסטינקטיוו ווי באַוואוסטזיניקע, דערמאָן איך מיך, אַז נישט קיין בייז־קייט האָב איך אין די אויגן געזען, אויך נישט קיין צער, וואָס שפּיגלט זיך אַמאָל אָפּ אין אַ בליק. גיכער זיינען דאָס געווען אויגן אָן שום אויס־דרוק, טעמפּע, אויסגעלאָשענע, פונקט ווי ביי אַ טויטן. (יאָ, מיט אַ שטיקל צייט פריער איז ביי אונז אין הויז געשטאָרבן אַ פרוי. איך בין דעמאָלט פונקט אַהיימגעקומען פון חדר און דערהערנדיק אַ געוויין אין שכנס שטוב, בין איך אַריינגעלאָפן און מיט האַרצקלאַפּעניש זיך דערנענטערט צום בעט וואו די געשטאָרבענע איז נאָך געלעגן מיט אָפענע אויגן, וואָס האָבן געקוקט שטאַר און פאַרגליווערט, און איצט, באַגעגנדיק זיך מיט לייזערס בליק, האָב איך זיך אינסטינקטיוו דערמאָנט אין יענע טויטע אויגן). פון

דעמאָלט אָן האָט מיר דעם ייד'ס בליק ווי אָפּגעטאָן אַ כישוף, עפּעס האָט מיך דער ייד געשראָקן און גלייכצייטיק געצויגן.

וויפיל וואָלט איך דעמאָלט געגעבן, איך זאָל קאָנען מיט דעם ייד רעדן אַ וואָרט. און פונדעסטוועגן בין איך כמעט ווי זיכער, אַז ווען עס געשעט אַ נס און דער ייד זאָל צוקומען מיך עפּעס פרעגן, וואָלט איך הענדום פּענדום אין טויט־שרעק אַנטלאָפן, פּונקט ווי עס וואָלט זיך פּלוצלונג געגעבן אַ הייב אויף אַ טויטער פון דער מטה און גייט צו מיר צו. דער באַגריף פון טויט האָט זיך פּאַרקערפּערט און אין מיין גאַנצן וועזן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער געשטאַלט פון אָט דעם ייד.

3.

דער ערשטער אַריינקום מיינער אין לייזער'ס שטוב, איז פאַרגעקו־מען אויף אַזאַ אופן: ראש־השנה־צייט, צוזאַמען מיטן בלאָזן פון שופר, וואָס האָט זיך געהערט טאָג־טעגלעך פון בית המדרש און פון די שטיב־לעך, האָבן אויך גענומען בלאָזן קילע ווינטעלעך, און כאָטש די טעג זיינען אויפגעשטאַנען ליכטיקע און גאָלדיקע, האָבן אָבער די ביינאַכטי־קע הימלען שוין פאַרמאָגט אין זיך עפּעס ווינטערדיקעס. דאָס לויטערע כמעט ווייסע זילבער פון דער לבנה האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַן אָפּ־גלאַנץ פון שניי, און דאָס פינקלען פון די שטערן איז נישט געווען קיין וויכס און מילדס ווי אין די זומערדיקע נעכט. און ווי איך האָב שוין דער־מאָנט, כאָטש די טעג זיינען נאָך געווען זומערדיקע — האָט מיין מאַמע זיך דערמאָנט, אַז דער ווינטער איז שוין אָט, אָט, אונטער דער נאָז און איך האָב נאָך נישט קיין וואַרעם פאַלטאָנדל. „ווייַ איז מיר, האָט זי זיך מצער געווען, דער ווינטער איז שוין אויפן קאַרג און דאָס קינד בלייבט מיר שטיין אינגאַנצן נאַקעט". האָט זי געבעטן דעם טאַטן ער זאָל בלייבן נאָכמיטאָג אין שטוב, ווייל זי מוז גיין אין שניט קראָם אַריין נאָך סחורה. און אַז די סחורה איז שוין געווען געקויפט, האָט זיך מיין מאַמע ווידער דערמאָנט, אַז זי דאַרף נאָך קויפן אַ שטיקל פוטער אויף אַ קעלנערל, ווייל אין אַ פראָסט, אָדער סתם אין אַ קאַלטן טאָג, איז גוט צו געבן אַ שטעל אויף דאָס קעלנערל — איז שטענדיק וואַרעם אין די אויערן. היינט — האָט די מאַמע געזאָגט — איז שוין שפּעט, נאָר מאָרגן אי"הש וועל איך

אַריינגיין צו שלמה טשיסקע אָדער צו לייזער דוד שיעס, וועל איך שוין אויפזוכן אַ שטיקל פּוטער פאַר נישט קיין סך געלט.

און אַז איך האָב דערהערט אָדער צו שלמה טשיסקע, אָדער צו לייזער דוד שיעס, האָט זיך פאַר מיינע אויגן געגעבן אַ שטעל אַוועק לייזערס געשטאַלט און זיינע טויטע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט מיט אַ מוראדיקער איינגעשפּאַרטקייט. די געלעגנהייט אָנצוקוקן לייזער'ס שטוב האָט מיך שטאַרק געלאָקט. און איך האָב תיכף אָנגעהייבן אויסצו־געפינען טויזנטער חסרונות אין שלמה טשיסקעס קעלנערלעך. צוליב דעם האָב איך מניה און ביה אויסגעטראַכט אַ מעשה, אַז באשר מיין חבר פּי־שעלעס קעלנערל, וואָס מען האָט געקויפט ביי לייזערן, טראָגט ער שוין דריי יאָר און עס איז נאָך אַלץ גוט, און מיינס וואָס מען האָט געקויפט ביי שלמה טשיסקע איז אויפן צווייטן ווינטער געוועןאויסגעריבן.

— האָסטו מיין סטאָטעק — האָט דער טאַטע מכלומרשט זיך אַ ביי־זער געטאָן, — מען וועט שוין וויסן וואו צו קויפן אָן דיר אויך.

איך האָב אָבער געוואוסט אַז די דעה אין אַזעלכע זאַכן האָט די מאַמע, נישט דער טאַטע, ביז איך נישט אָפּגעשטאַנען, אַזוי לאַנג איר גע־דולט דעם קאָפּ און אַריינגערעדט, ביז זי האָט אַ זאָג געטאָן: אָבער פּעך, סמאָלע, וואָס ווילסטו פון מיין לעבן? — ביי לייזערן, ביי לייזערן, אָבי לאָז מיך לעבן.

4.

היינט, מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען איך שרייב די שורות, אָפּ־געריסן פון מיין געבורטס־שטעטל אויף אַ מהלך פון טויזנטער מייל, שטייט אויף פאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיק יענער טאָג, ווען איך האָב זיך מיט אַזאַ האַרץ קלאַפּעניש דערנענטערט צו לייזערס שטוב. בולט זע איך די נידריקע געביידע מיט דעם ברייטן אַריינפאָר־הויז, פון וועלכן די טויערן זיינען שוין פון לאַנג ערגעץ פאַרשוואונדן. איבערן הויז האָט זיך געפונען אַ גאָרנדל פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעקוקט צווויי קליינשייבל־דיקע פענצטערלעך, און אויסגעזען האָט דאָס הויז פונקט ווי א משונה־דיקער גראָבער מענטש מיט אַ קליין קעפל און מיט צוויי צעשפּרייטע ריזיקע פיס.

מיין מאַמע האָט געעפנט אַ טיר וועלכע האָט תיכף נאָך אונדזער אַריינקומען אין שטוב — זיך געגעבן אַ קלאַפּ צו און מיר זיינען געבליבן שטיין אין אַ גרויסער נידריקער שטוב מיט דיקע בעלקעס, וואָס זיינען געהאַנגען כמעט איבערן קאָפּ. און כאָטש דער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער און וואַרעמער, איז דאָ אָבער געווען טונקל און קיל ווי אין אַ קעלער. מיט יאָרן שפּעטער פלעג איך אָפּט אַריינקומען אין אָט דער שטוב אַריין, אָבער קיינמאָל האָב איך מיך שוין נישט געקאָנט באַפרייען פון יענעם ערשטן איינדרוק. אין מיטן שטוב איז ביי אַ לאַנגן טיש געשטאַנען לייזער און געצייכנט מיט קרייד אויף אַ שטיק סחורה. זעקס ניי־מאַשינען, ביי וועלכע עס זיינען געזעסן עלטערע, שוין בערדיקע יידן, האָבן גערוישט. אָבער מאָדנע: נישט געקוקט אויף דעם קלאַפּן און הודשען פון די מאַשינען, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַרום מיר הערשט אַ טויטע שטילקייט. עס איז מיר שווער איבערצוגעבן דעם איינדרוק, איך מוז אָבער צוגעבן, אַז אין אונדזער שטעטל זיינען געווען אַ סך אַזעלכע שוסטער און שניידער וואַרשטאַטן, און פון אומעטום האָבן זיך צוזאַמען מיטן הודשען און רוישן פון די ניי־מאַשינען — צוזאַמען מיטן קלאַפּן פון די שוסטער האַמערס — אויך זיך אַרויסגעריסן לעבעדיקע קלאַנגען פון אַ פריילעך, אָדער אומעטיק ליד. ביי לייזער'ן אָבער האָט איצט, אַזוי ווי שטענדיק, געהערשט אַ טויטקייט. לייזער האָט קיינמאָל ביי זיך אין וואַרשטאַט ניט געהאַלטן קיין איין יונגן אַרבעטער. ער האָט ווי אומיסטנע אויסגעזוכט עלטערע, שוין אָפּגעלעבטע מענטשן. אין שטוב האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע יינגלעך און מיידלעך, אַלע נאָך יונגע קינדער. אָבער אויך אויף זייערע געל־וואַקסענע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן ווי עפּעס אַ מרה־שחורה און פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ מין גלייכגילטיקייט, אַזאַ מידקייט גלייך זיי וואָלטן אַלע געליטן אויף אַ לאַנגער פאַרשלעפּטער קרענק, ווען מען זוערט שוין גלייכגילטיק צום ליידן און מעכאַניש טראַכט מען: „לאָז עס גיין“.

אויף אונדזער „גוט מאָרגן“ האָט לייזער עפּעס אַרויסגעוואָרטשעט פון צווישן די ציין, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער אַרבעט, און אויף מיין מאַמעס פראַגע וועגן קעלנערל, האָט ער, אויך נישט אויפהייבנדיק די אויגן, געטאָן אַ בורטשע: „נישטאָ“.

„אַבי דו האָסט מיך געשלעפּט — האָט מיין מאַמע געהאַט אַ טענה

צו מיר, ווען מיר זיינען שוין געווען אין דרויסן — אידער צו אַזעלכעס וואָלט איך כ׳ווייס אַליין נישט וואו געגאַנגען".

„אָבער, מאַמע, פאַרוואָס האָבן זיי אַלע אַזעלכע געלע פּנימער און זיינען עפּעס ווי בייז?" האָב איך געפרעגט.

„עפּעס מרה שחורהניקעס, דער גוטער יאָר ווייסט זיי דאָרטן — האָט מיין מאַמע גערעדט מערער צו זיך אַליין ווי צו מיר — אַזוי שטיין רייך, און מען האָט אַ מויד פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר און מען טוט נישט מיט איר קיין שדוך, אַז מען קוקט דאָס בלויז אָן, אַנטלויפט מען דערפון ווי פאַרן מלאך המות".

ס׳וואָלט נישט געווען אמת, ווען איך זאָל דערציילן, אַז מיין גאַנץ דעמאָלסדיק לעבן איז געווען אויסגעפילט בלויז מיט לייזער דוד שיעס, און אַז כ׳האָב פון גאָר נישט געטראַכט אויסער פון אים. איך בין געווען אַ געזונט און נאָרמאַל יינגל און איך האָב פאַרמאָגט מיין אייגן וועלטל, וואָס איז געווען אויסגעפילט אַ חוץ מיטן חדר — מיט אַ סך אַנדערע עכסט אינטערעסאַנטע זאַכן. אָט האָט מיין חבר שלום, אַ יינגל אין מיינע יאָרן, געוואוינט הינטער דער שטאָט אין אַ הויז מיט אַ גלעזערנער וואַ־רענדע, וועלכע איז געלעגן ווי איינגעטונקען צווישן אַ סך קאַשטאַן ביי־מער, פון וואַנען מיר האָבן טאַקע געריסן קאַשטאַנעס. און דעם רבינס גרויסער הויף און סאָד וואו מיר יינגלעך האָבן אָפט געפירט מלחמות ביז בלוט—צוליב וואָס איז עס געווען? און די צוויי שטאָט־משוגעים, מענ־דעלע און סראלע, וועלכע האָבן זיך פיינט געהאָט ביז צום טויט — צו־ליב וואָס האָט זיי גאָט באַשאַפן, אויב ניט צוליב דעם, כדי מיר יינגלעך זאָלן זיי אָנרייצן איינער אויפן צווייטן? און נאָך אַ סך ענלעכע תענוגים וואָס זיינען שווער אויסצורעכענען. איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז לייזער מיט זיינע טויטע אויגן, זיינע קינדער מיט די געל־וואַקסענע פּנימער, זיינען גאַנץ גיך אַוועקגעפלויגן פון מיין געדאַנק, פּונקט אַזוי שנעל ווי עס טריקנט אויס אַ טרער פון אַ קינדס פאַרוויינט פּנימל. נאָר איינמאָל האָט זיך ווידער געמאַכט אַ געלעגנהייט וואָס האָט אין מיר אויפסניי אויפגעלעבט לייזער׳ס טויטע אויגן און מיר געגעבן אַ סך צו טראַכטן וועגן דער מרה שחורה וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף אים און אין זיין גאַנץ הויז־געזינט.

5.

מיט אַ שטיק צייט שפּעטער, ס'איז פּונקט געווען חנוכה, האָט מען אין שטעטל ווידער צעוואָרפן אַ ניי־אויפגעבויט הויז, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין איין צייט מיט לייזער'ס. ס'איז געווען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, חנוכה. ביינאַכט גייט מען נישט אין חדר, און איך בין אַ גאַנצן אָונט געזעסן ביי מיין חבר שלומען. דאָס וועטער איז געווען אַ פּוילס, דער שניי וואָס איז הויפנווייז געפאַלן פון הימל, האָט נישט באַוויזן אַראָפּ־צעלאָזן זיך אויף דער ערד און באַלד איז פון אים געוואָרן וואַסער, אַ פּוילער גליטשיקער און נאַסער ווינט האָט געפייפט, געוואָיעט, געריסן די לאָדנס און געקלאַפּט אין די שויבן. ביי שלומען אין דער מיטלסטער שטוב איז איצט געווען געמיטלעך און וואַרעם. איך, שלום און זיינס אַ יינגערע שוועסטער, האָבן געשפּילט דאָמינאָ; שלומס מאַמע, אַ יידענע פון אַ יאָר פערציק, איז אויך געזעסן ביים טיש, די ברילן אַראָפּגערוקט אויף דער שפּיץ נאָז, אַזוי, אַז ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קוקט גאָר אַריבער זיי — און זי האָט געלייענט אַ מעשה־ביכל. שלומס באָבע, אַ זקנה פון אַ יאָר זיבציק, איז געזעסן ביים אויוון און געדרימלט. בלויז פון צייט צו צייט האָט זי אויף אַ ווײַלע אויפגעמאַכט די דרימלענדיקע אויגן, גלייך זי וואָלט זיך וועלן איבערצייגן צי אַלץ שטייט אויפן זעלבן אָרט, און ווידער איינגעדרימלט.

ס'האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען אַ שכנטע.

„אַ גוטן אָונט, נחמה'לע — האָט זיך דערהערט אַ לאַקריץ־זיס שטימעלע — אַ דרויסן, אַן עבירה אַ הונט אַרויסצוטרייבן. דאָ ביי אייך איז דאָך קיין ע"ה אַ גן־עדן".

„זעצט אייך דוואָשי, — האָט שלומס מאַמע אויפגעהויבן דעם קאָפּ פונם ביכל — אפשר אַ גלאָז טיי?"

„אָבער צו וואָס זאָלט איר זיך מטריח זיין? נאָר אויב ס'איז דאָ הייסע טיי, וועט איר מיך ממש מחיה זיין", איז געווען דוואָשעס ענטפער.

אָפּגעזופּט אַ האַלב גלאָז טיי, אַרויסגעלאָזט אַ פּאָר, סתם אַזוי, זיפּ־צעלעך לשם תענוג — האָט דוואָשע אָנגעהויבן:

„און וואָס זאָגט איר, נחמהשי קרוין, וואָס מען האָט היינט ווידער צעוואָרפן אברהם בעקערס הויז. וואָס הייסט אַ הויז? אַ בעכער נישט קיין הויז",— האָבן זיך ביי איר די אויגן געקנייטשט — מיט עטלעכע חדשים

צוריק לייזער דוד שיעס הויז און היינט אברהם בעקערס. אַז וואָרפן זאָל זיי, רבש״ע, הייזער אין דער הויך״, האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ פרום קרעכצעלע.

און אַז איך האָב דערהערט לייזערס נאָמען, האָב איך אָוועקגערוקט דעם דאָמינאָ און זיך אָנגערופן צו שלומען:

„דו קאָנסט לייזער דוד שיעס?״

„נייך, האָט ער געענטפערט, אָבער אַנטקעגן וואָס פרעגסטו?״

„גאָר נישט — האָב איך געענטפערט — עפּעס זעט דער ייד אויס ווי אַ גילגול פון יענער וועלט. דו ווייסט? — האָב איך ווייטער גערעדט — פאַר סכות בין איך מיט מיין מאַמען געווען ביי אים אין שטוב, האָט ער אונז אַפילו קיין גוט מאָרגן נישט געענטפערט, און מיין מאַמע זאָגט, אַז עפּעס זיינען זיי אַלע מרה שחורהניקעס״.

איך בין געבליבן שטיל און פלוצלונג האָט זיך פון ווינקל, וואו שלומס באָבע האָט געדרימלט געהערט דער אַלטער׳ס קול:

„פון וועמען רעדט איר, קינדער, פון לייזער דוד שיעס? און דו זאָגסט: מרה שחורהניקעס? אודאי זיינען זיי אַזעלכע און וואָס איז דער חידוש? איך געדענק נאָך לייזערס מוטער זאָל זיין אָפּגעשיידט אין ליכ־טיקן גן עדן. מיר זיינען געווען חברטעס, קיין שום יידישע טאָכטער זאָל קיין זעלכס נישט צו האַנע קומען״.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל, עס האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלטע איז ווידער אַנדרימלט געוואָרן, נאָר באַלד האָט זיך געהערט אַ שעפּטשען ווי צו זיך אַליין: אַזוי ווי עס וואָלט געווען היינט, געדענק איך די גאַנצע מעשה.

„דערצייל באָבע, דערצייל״, איז שוין שלום נישט אָפּגעשטאַנען פון איר, און די אַלטע האָט דערציילט אַזאַ מעשה:

נאָך דער גרויסער שריפה, נישט היינט געדאַכט, ווען מער ווי אַ האַלבע שטאָט איז אַוועק מיטן רויך, איז פון ר׳ מאָטלס בעהאַגעס גאַנצן מאַיאָנטיק געבליבן אַ קופּע אַש. און ר׳ מאָטל איז געווען אַ ייד אַ גביר. אַחוץ דער גרויסער גאַרבאַרניע וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט, האָט ר׳ מאָטל געהאַנדלט מיט תבואה און די שריפה האָט פון אַלץ אַ תל געמאַכט. מילא, וואָס זאָל איך אייך, קינדער, גיין דערציילן וואָס פאַר אַ הויז דאָרט האָט זיך געפירט? איך אַליין בין דאָך שוין באַלד מיט ביידע פיס אויף יענער זייט, נאָר אַ זכות לאָמיך האָבן ביי זיין ליבן נאָמען,

ביי איך קינדער צו זען אַזאַ הויז. שרהלע, ר' מאָטלס פּערטע טאָכטער, איז געווען אין איין עלטער מיט מיר, זעכצן יאָר אַלט געווען, שיין ווי אַ שטיק גאָלד, מיט צוויי שוואַרצע צעפּ ביז צו די פיס, אַ זיידן כשר יידיש קינד. אַ נאַרישקייט געדענקט זיך — האָט די אַלטע אַ שמייכל געטאָן און אויף אַ מינוט שטיל געבליבן, גלייך זי וואָלט געזוכט אין זכרון.

איך געדענק איינמאָל אין די ערשטע טעג פּסח, פּונקט אַן עיבור יאָר געווען, אין דרויסן איז שוין געווען פולנע זומער, בין איך מיט שרהלען געגאַנגען אַביסל שפּאַצירן. ביי דער אַפּטייק זיינען געשטאַנען פאַר דער טיר דער פּראָוויזאָר מיטן דאָקטאָר מיכאלאווסקי, נאָך גאָר אַ יונגער שגץ געווען, און נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון די שקאָלעס. בשעת מיר זיינען דורכגעגאַנגען פאַר דער אַפּטייק, האָבן די גוימס שליפּיעס זיך געגעבן אַ צינד אָן און כאַטש מיר האָבן אויף זיי נישט געקוקט, האָבן מיר ביידע געפילט, ווי זייערע טרפהנע אויגן שפּיזן אונדז דורך. זיינען מיר ביידע רויט געוואָרן ווי צונטער און גענומען גיין גיכער, און אונטער די פּלייצעס הערן מיר ווי דער דאָקטאָר זאָגט: „האָסט באַמערקט דאָס ברונעטקעלע, ריין גאָלד".

שרהלע איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אין גאָלדענע שידוכים, ווייל אַ קלייניקייט עפּעס זיך משדך צו זיין מיט ר' מאָטל בעהאגע. דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט, האָט די אַלטע אַ קרעכץ געטאָן, און ווייטער גענומען דערציילן:

נאָך דער שרפה איז ר' מאָטל געבליבן אַן אביון און נישט קיין רייַנער אָרעמאַן, נאָר אַ פאַרשולדיקטער איבער די אויערן. ווייל אַלע נדנים, יעדן דינסט מיידלס אָפּגעשפּאָרטער גראָשן איז געווען איינגעלייגט ביי ר' מאָטלען, און אַרויס פון פייער איז ער אין איין העמד. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אין שטאָט, אַז ר' מאָטל איז זיך משדך מיט ישראל גאַרבער. איר, קינדער, האָט נישט געקאָנט ישראל גאַרבער. חנא בייגער קאָנט איר יאָ? פּונקט דער אייגענער, אַ גראָבער יונג, אַ מגושם, אַמאָל האָט ער געאַרבעט ביי ר' מאָטלען אין גאַרבאַרניע. דערנאָך איז ער געגאַנגען פאַר זיך, זיך אַרויפגעאַרבעט ביז ער איז געוואָרן אַ גביר. ער האָט שוין דעמאָלט געמוזט אַלט זיין אַ יאָר פופציק און אפשר נאָך מער. אַ הויכער, אַ גראָבער, מיט אַ רויטער נאָז פון שטענדיק טרינקען בראָנפן. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז ער געוואָרן אַן אלמן. און אָט דעם ישראל, האָט מען געשמועסט, נעמט ר' מאָטל

פאַר אַן איידעם פאַר זיין שרהלען. (מענטשן האָבן געמורמלט, אַז פאַר אַט דעם שידוך באַקומט דער מחותן עפּעס גאָר אַ וואַזשנע סומע געלט, אָבער מאלע וואָס מענטשן רעדן). אַז איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, פאַר וואָס שרהלע גייט לעצטנס אַרום אַזוי פאַר מרה־שחורהט. נישט זי גיט אַ לאַך, נישט זי באַווייזט אַ פרייע מינע. ביז היינט האָב איך אַלץ גע־מיינט, אַז דאָס נעמט זי זיך אַזוי איבער מיט דער שריפה, נאָר איצט האָב איך אַלץ פאַרשטאַנען. אָבער גערעדט מיט שרהלען וועגן דעם, פאַר־שטייט זיך, האָב איך נישט. עס איז דאָך נישט געווען היינטיקע צייטן מיידלעך זאָלן רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן . . .

אַ ווײַלע איז די אַלטע שטיל געבליבן, געגעבן אַ טיפן זיפץ, גלייך די טרויעריקע זכרונות וואָלטן אין איר האַרץ אַן אַלטע וואונד אויפגע־פרישט — און ווידער גענומען דערציילן: מען האָט אַזוי לאַנג גערעדט, ביז מען האָט זיך דערעדט. ס'איז געווען תנאים און ווען איך האָב שרה־לען געוואונטשן מזל טוב, האָט זי מיר אײַנגערוימט אין אויער: „ווינטש מיר בעסער אַ גיכן טויט . . . “

וואָס זאָל איך דאָ לאַנג בריינען, האָט די אַלטע ווייטער דערציילט, ס'איז געווען אַ חתונה. מיט אַ יאָר שפּעטער איז שרהלע געלעגן געוואָרן און נאָכן האָבן דאָס קינד, איז זי, נישט פאַר קיין שום מענטש געדאַכט, משוגע געוואָרן, אַריינגעפאַלן אין אַ מרה שחורה, כסדר זיך געשראָקן און געשריגן . . . דאָ האָט די אַלטע אַראָפּגעניִדערט דאָס קול, זיך צוגעבויגן צו דוואָשן און איר אָנגעהויבן עפּעס אַריינרוימען. און אַז שלום מיט מיר האָבן זיך נענטער צוגערוקט, האָט די אַלטע זיך אָנגעהויבן בייזערן: גיב נאָר אַ קוק ווי דאָס שטיפּט זיך, ס'איז נישט פאַר אײַך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן שוין אַזוי אָנגעשפּיצט די אויערן, אַז אַפילו קיין קלאַנג זאָל נישט פאַרלאָרן גיין, און מיר האָבן געהערט: זי האָט כסדר געשריגן — נעמט אים צו, ער קריכט שוין ווידער, דער אַלטער נואף... אַ יאָר צייט האָט זי זיך אַזוי געמוטשעט, ביז זי איז געשטאָרבן. און דאָס קינד איז לייזער דוד שיעס. נו, וואָסזשע איז דאָס חידוש וואָס ער איז אַזאַ מרה שחורהניק?

סאיז געוואָרן שפּעטלעך און איך בין אַהיים געגאַנגען.

אַ גאַנצע נאַכט דעמאָלט האָבן מיך געמאַטערט שווערע חלומות. כאָטש איך בין נאָך גאַנץ ווייניק באַהאַוונט געווען וואָס עס הייסט גע־

שלעכטלעך לעבן, אָבער ווי אַ חדר ייִנגל פלעג איך אַמאָל כאַפּן אַ וואָרט פון אַן עלטער ייִנגל, און איך געדענק גלייך ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן: אַזוי ווי איך האָב נאָר געכאַפּט דעם ערשטן דרעמל, האָב איך געזען ווי אונדזער שכנטעס מיידל מאשעלע ליגט אין איין העמד אין בעט, אירע באַקן זיינען לייכט פאַררויטלט, פון אונטער דער העמד שפּיצן גנבענען זיך צוויי שניי ווייסע ברעגן פון זיך בערגלדיקע ברוסטן, צווישן וועלכע עס ציט זיך אַזאַ פלאַך טאָלעכל. די שוואַרצע צעפּ זיינען צע־וואָרפן איבערן קישן. און פלוצלונג וואַקסט ווי פון אונטער דער ערד אַרויס פּייוול יאדעמאַווער, אַן אַלטער ייִד מיט אַ לאַנגער קאַלטנוואַטער באָרד און רויטער נאָז פון וועלכער עס קאַפּעט שטענדיק, אָט דער פּייוול יאדעמאַווער, וועלכער קומט רעגולער צו אונז צוויי מאָל אין יאָר נאָך אַ נדבה און בלייבט שוין אויך נעכטיקן — רוקט זיך אַלעמאָל נענטער צו מאשעלעס בעט, גיט אַ הייב אויף דאָס איבערבעט, לייגט זיך לעבן איר און הייבט זי אָן קושן און גלעטן. זי כאַפּט זיך אויף אין טויט שרעק און מאַכט אַ געוואַלד: ער קריכט שוין ווידער, האָט רחמנות, נעמט אים צו. . .

איך גיב זיך אַ וואָרף און כאַפּ מיך אויף. אינגאַנצן בין איך נאַס פון שווייס און קלאַפּ אַ צאָן אין אַ צאָן פון קעלט און שרעק. און כאָטש איך בין שוין אינגאַנצן וואַך, פונדעסטוועגן שטייט מיר דאָס גאַנצע בילד פאַר די אויגן און פון דער געדיכטער פינצטערניש שניידט זיך אויס פאַר מיינע אויגן אַ בעט, אין וועלכן עס ליגט שוין נישט אונדזער שכנ־טעס מיידל מאשעלע, נאָר טאַקע יענע שרהלע, וועגן וועלכע שלומס באָבע האָט היינט דערציילט. אַן אַלטער בערדיקער ייִד וויל זיך דוקא צו איר צוקריגן און זי שרייט: „ער קריכט שוין ווידער, דער אַלטער נואף, האָטס רחמנות מענטשן, נעמט אים צו. . . "

דאָס בילד איז געווען אַזוי בולט און שאַרף, אַז דאָס געשריי האָט מיר געשניטן אין די אויערן, זיך איינגעפּרעסן אין מיר, און כאָטש איך בין געווען וואַך און געוואוסט, אַז אין אמתן הער איך גאָר נישט, אָבער טיף אין מיר, אין מיין גאַנץ אינערלעך וועזן, האָט עפּעס אַן אומזעבאַרע געשטאַלט (איך זאָג אומזעבאַר, איך האָב עס פאָרט געזען) אַזוי מורא־דיק געיאָמערט: ער קריכט שוין ווידער, האָט רחמנות און נעמט אים צו . . .

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט סוף כל סוף אָט די מרה שחורה'

דיקע משפחה נישט אויסגעפילט מיין יינגעלש לעבן, און אַפילו נאָכ־דעם ווי איך האָב שוין געהאַט אַ שטיקל שליסל אויפצומאַכן דאָס פאַר־באָרגענע אין זיי, בין איך, אמת טאַקע אַ פאָר וואָכן דורכאַנאַנד געווען אונטערן אײַנדרוק פון אָט די געהיימע אונטערוועגלעך, וואָס באַשטימען אַמאָל דעם גורל פון אַ מענטש און אַפילו פון אַ גאַנצן דור. שפּעטער אָבער האָב איך פאַרגעסן דארין, און דערמאָנט האָב איך מיך אין זיי, ווען איך פלעג פאַרבייגיין לייזערס הויז.

יאָרן זיינען פאַרשוואומען. פון אַ קליין יינגל בין איך געוואָרן אַ דערוואַקסענער בחור. אינמיטן איז געווען אַ מלחמה, וועלכע האָט אי־בערגעדרייט די וועלט און אויך דאָס שטעטל: פון חדר אין בית מדרש אַריין, תנאים שרייבן, חתונה האָבן, עסן קעסט און זיך עפענען אַ קרעמל — איז פאַרוואָקסן געוואָרן מיט גראָז. זעלטן, זעלטן אַ פאַרשפּעטיקטער גייער זאָל נאָך אָט דעם וועג באַטרעטן.

און אָט דערמאָן איך מיך היינט דעם אָנהייב, ווען די נייע ווינטן האָבן אָנגעהייבן בלאָזן. צום ערשט רואיק און געלאַסן, גלייך זיי וואָלטן זיך געוואָלט אַריינ׳גנב׳ענען, און ווי נאָר דאָס ערשטע שפּעלטעלע איז געווען אָפן, איז פון דעם ווינטל אַ הוראגאַן געוואָרן. אָן רחמנות האָט ער צעריסן דורות־לאַנגע טראַדיציעס און מיט מוראדיקע קלעפּ האָט דאָס אַלטע געקראַכט. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. איך דערצייל עס בלויז צוליב דעם וואָס דער אָנהייב פון אָט די נייע ווינטן איז פאַרבונדן מיט מיין דערנענטערן זיך מיט לייזערס אַ זון.

6.

ס׳איז געווען דער לעצטער זומער, איידער די דייטשן זיינען אַוועק פון פוילן. צו אונדז אין שטעטל איז אַראָפּגעקומען אַ יונגער סטודענט פון וואַרשע, וועלכער האָט אײַנגעפירט דריי אָוונטן אין דער וואָך לעק־ציעס איבער פּאָליטישע עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע און נאָך ענלעכע למודים. אויך איך בין געווען איינער פון די תלמידים, און דעם ערשטן אָוונט, איך געדענק אים גענוי, בין איך צוליב עפּעס אַ סיבה געקומען מיט צען מינוט שפּעטער פון דער באַשטימטער שעה און די לעקציע האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן. די בענק זיינען אַלע געווען פאַרנו־

מען, און אַזוי ווי איך האָב מיט די אויגן געזוכט אַ פּלאַץ וואו זיך אַוועקצוזעצן, האָט זיך פון דער פערטער באַנק אָנגערופן אַ קול: „קומט דאָ אַהער, לעבן מיר איז פאַראַן אַ פּלאַץ". איך האָב זיך תיכף אַנידערגעזעצט און געגעבן אַ קוק אויף מיין שכן, וואָס האָט מיך גערופן, און וועלכן איך האָב נישט געקאָנט.

לעבן מיר איז געזעסן אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ ברייט ביינערדיקער און דאַרער. פון די אַיינגעפאַלענע געל־בלייכע באַקן האָט זיך אויפגעהויבן אַ שפּארע פלייסיקע נאָז און אויף מיר האָבן געקוקט אויגן: כ׳וואָלט געשוואָרן, אַז אָט די אויגן זיינען מיר גוט באַקאַנט. אַן איינגעשפּאַרטער אָנשטרענגן פון זכרון, און תיכף האָב איך געוואוסט, אַז אָט די אויגן געהערן זיך אָן מיט לייזער דוד שיעס געזינד. קיין איינציק וואָרט פון יענער לעקציע האָב איך נישט פאַרשטאַנען. די זכרונות פון אַ פּאָר יאָר צוריק, האָבן ווידער אויפגעלעבט. דאָס סודותדיקע אין אָט די מענטשן האָט מיך אויפסניי אָנגעהויבן רייצן און כמעט יעדע מינוט האָב איך מיך אויסגעדרייט צו מיין שכן, כדי זיך צו באַגעגענען מיט זיין בליק.

דער אָוונט איז געווען אַ שיינער, אַ לויטערער בלויער הימל, אַ זילבערנע לבנה, פינקלענדיקע שטערן, און צוליב וואָס נאָך אויסרעכענען די אַלע מעלות פון אַ זומער־נאַכט אין שטעטל, ווען מען איז יונג, ווען מען זעט די וועלט דורך ראָזע ברילן און דאָס האַרץ איז אַזוי ברייט און אָפן, אַז די גאַנצע וועלט וואָלט זיך דאָרט בריווח געקאָנט לאָקירן? פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ נאַכט ווילט זיך נישט אַזוי גיך גיין שלאָפן, זיינען מיר טאַקע אַ גאַנצע חברה נאָך געגאַנגען שפּאַצירן. אויך מיין נייער באַקאַנטער איז מיטגעגאַנגען. מיר זיינען געווען אַ צען אָדער צוועלף מענטשן און מיר האָבן שפּאַצירט צו דריי־פיר אין אַ גרופּע. מיר האָבן דיסקוטירט, געלאַכט, געשטיפט, יעדער האָט געפונען זיין אָרט צווישן די פּאָר מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך געפילט נענטער. איינער בלויז איז געווען וואָס האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין מקום מנוחה. עס טרעפן זיך אין לעבן אַזעלכע מענטשן, וועלכע קאָנען זיך נישט אַיינבירגערן אין קיין שום געזעלשאַפט און שטענדיק פילן זיי זיך ווי פרעמדע געסט אויף אַ חתונה. זיי זיינען מיט קיינעם נישט ברוגז, און דאָך פילן זיי זיך ווי אַ געוויקס פאַרפלאַנצט אויף אַ פרעמדן באָדן און נישט געדייענדיקן קלימאַט.

אויך מיט מיין נייעם באַקאַנטן איז פאָרגעקומען עפּעס ענלעכעס.

קודם כל, האָב איך באַמערקט, בלייבט ער שטענדיק הינטערשטעליק, מיר זיינען געגאַנגען צו דריי־פיר אין דער ברייט און שטענדיק איז ער געבליבן פון הינטן. ס׳איז גענוג געווען, איינער זאָל זיך געבן אַ רוק אַרויס פון דער רייע עפּעס צו זאָגן און שוין איז דער בחור אַרויסגעשטויסן געוואָרן. האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ וואָרט אינם אַלגעמיינעם געשפּרעך, האָט דאָס וואָרט נישט אַרויסגערופן קיין איבערחזרונג, ניט קיין שפּאַרעניש, און אַפילו קיין ווידערקלאַנג נישט איבערגעלאָזט, פּונקט ווי מען וואָלט געוואָרפן אַ שטיין אין אַ קופּע זאַמד אַריין. און אַ מאָדנע זאַך: כאָטש קיינער האָט אים כמעט נישט באַמערקט, כאָטש ער איז אָפּט געבליבן אָן אַן אָפּקלאַנג, פונדעסטוועגן האָט ער זיך כסדר אַריינגעמישט אין געשפּרעך, און דער ערשטער איינדרוק מיינער איז געווען: אַז דער מענטש וואָלט פּאַר יעדן פּרייז זיך געוואָלט אַריינרייסן צווישן אונז. און נאָך אַ זאַך האָב איך באַמערקט: אַז אין אמתן וואָלט ער בעסער געזאָגט אַ גוטע נאַכט און אַהיימגעגאַנגען, ווייל נאָך יעדן מאָל בלייבן הינטערשטעליק, איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין, גלייך ער וואָלט געטראַכט וואָס צו טאָן, און מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט און מיט שנעלע טריט אונז געגומען דעריאָגן, ווידער געגעבן אַ וואָרף אַריין אַ פּאָר ווערטער, וועלכע האָבן אַלעמען געלאָזט נישט קאַלט און נישט וואַרעם. אַזוי האָט געדויערט די גאַנצע צייט פון שפּאַציר ביז מיר זיינען זיך צוגאַנגען.

אַ גאַנצן אָוונט בין איך דעמאָלט געווען אונטערן איינדרוק פון מיין נייער באַקאַנטשאַפט. איך האָב שוין געוואוסט, אַז דאָס איז לייזער דוד שיעס צווייטער זון (אַ באַקאַנטער, וועמען איך האָב געפרעגט, האָט עס מיר באַשטעטיקט), און אָט בין איך געשטאַנען פאַר אַ נייער דערשיינונג אין אָט דער משפּחה: איינער וואָס רייסט זיך מיט אַלע כוחות צו אַ לעבעדיקער וועלט, נאָר קאָן בשום אופן דאָרט נישט אַריינקומען.

7.

מיין ערשטע דערנעענטערונג מיט שמואלן (אַזוי האָט ער געהייסן), איז פאָרגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן. אויף די אויבנדערמאָנטע לעקציעס איז געווען איינגעפירט אַזאַ סיסטעם: נאָכן אָפּשליסן אַ געוויסן סכום פון לעקציעס, לאָמיר זאָגן פון אַ געוויסער עפּאָכע, האָט יעדער איי־

נער פון די צוהערער באַדאַרפט רעפערירן אין קעגנוואַרט פון אַלע אי־בעריקע תּלמידים, וועגן דעם דורכגעלערנטן. שמואלס פּאָרטראַג האָט באַדאַרפן זיך פון קולטור־געשיכטע וועגן יענער עפּאָכע, ווען מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו האָדעווען הויז־חיות.

מיר זיינען געווען ביי אַ פינף און צוואַנציק פּערזאָן. שמואל איז געשטאַנען אויף דער קאַטעדרע און גערעדט וועגן דער געגעבענער עפּאָ־כע. זיין קול איז געווען מאָנאָטאָן און פאַרבלאָזן. ער האָט זיך אָפט פאַר־האַקט און איז אָן שום סדר איבערגעשפּרונגען פון איין זייט צו דער צווייטער. מיר האָבן זיך אַ שפּאַר ביסל געלאַנגווייליקט, און אַלע האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן: „דערמיט שליסן מיר אָפּ . . . די . . .—אַ רגע איז ער געבליבן שטיין, זוכנדיק דאָס פּאַסנדיקע וואָרט און ער האָט אַ זאָג געטאָן — דערמיט שליסן מיר אָפּ די הינט־עפּאָכע אין דער קולטור געשיכטע".

פינף און צוואַנציק ברוסטן האָבן מיטאַמאָל געגעבן אַ פּראַל אַרויס מיט אַ הילכיק געלעכטער וואָס האָט פאַרטויבט די שטוב. אויך איך, האָב גלייך מיט אַלע געלאַכט. נאָר פּלוצלונג איז מיין בליק געפאַלן אויף דעם רעדנער, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער קאַטעדרע, אַ טויט־בלייכער מיט אויגן צעשראָקענע, וואָס האָבן הילפלאָז געקוקט אויפן פריילעכן געזעמל. אונזערע בליקן האָבן זיך אויף אַ מינוט באַגעגנט און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די דאָזיקע צעשראָקענע אויגן, אַז דאָס בלייכע פּנים און דער גאַנצער אומבאַהאָלפענער מענטש — זוכט איצט הילף ביי מיר. און מיט אַמאָל איז מיר דאָס געלעכטער געבליבן שטעקן אין האַלז. אין דער איינער מינוט האָב איך דורכגעלעבט יענעמס פאַר־לוירנקייט און איך האָב פון מיין פּלאַץ אַ געשריי געטאָן:

„וואָס איז דאָס געלעכטער? אַזוי ווי דער הונט איז געווען פון די ערשטע חיות, וואָס דער מענטש האָט צוגעוויינט, האָט שמואל געוואָלט אויסדריקן אָט דעם געדאַנק, און איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס אַלע האָבן זיך אַזוי צעלאַכט".

אַלע האָבן פאַרשטאַנען און דערזען די אומטאַקטישקייט און האָבן זיך מיטאַמאָל באַרואיקט.

פון יענער צייט אָן, האָב איך באַמערקט, אַז שמואל זוכט מיין נאָענטקייט. אָבער צו קיין אינטים געשפּרעך איז עס דערוויילן נישט דער־גאַנגען. ווייל, איך מוז מיך מודה זיין, אַז אָט דער בחור האָט מיך מיט

גאָר נישט געלאָקט, מער ווי אַ געפיל פון אַ הילפלאָזן, האָט ער ביי מיר נישט אַרויסגערופן. און סוף כל סוף האָב איך נישט געפילט קיין שום נויטווענדיקייט צו פאַרברענגען מיט מענטשן, וועמענס איינציקע מעלה איז באַשטאַנען אין זייער הילפלאָזיקייט. איך האָב געהאַט גענוג חברים מיט וועמען צו פאַרברענגען, און איך בין אויך געווען צו יונג אַוועקצוגעבן מיינע שעהן פאַר פילאַנטראָפּיע צו היילן אַזעלכע האַלב מעלאַנכאָליקער. ער פון זיין זייט איז אויך נישט צוגעשטאַנען צו מיר און אַזוי איז פאַרביי אַ שטיקל צייט.

8.

ס׳איז געווען אַ הייסער שבתדיקער נאָכמיטאָג. אין שטוב איז געווען מוראדיק דושנע און איך בין אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס אַריין. אַ תמוזדיקע זון איז געהאַנגען פונקט אינמיטן הימל און אומרחמנותדיק געבריט און געטריקנט די הילצערנע דעכער פון די הייזלעך, וואָס האָבן מיט זייערע צוגעלענטע לאָדנס אויסגעזען פונקט ווי פאַרמאַטערטע, שלאָפנדיקע מענטשן מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן. דער מאַרק איז געווען פוסט, דער גרויסער פירקאַנטיקער מויער מיט די פאַרהאַקטע אייזערנע טירן פון די געוועלבן, האָט איצט אויסגעזען ווי עפּעס אַ ריזיק באַשעפעניש, וואָס רוט נאָך אַ וואָך שווערער אַרבעט. ערגעץ וואו האָט זיך געעפנט אַ האַלב צוגעלענטע טיר און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ מיד, פאַרשלאָפן פּנים פון אַ יידענע מיט אַ פאַטשיילקע אויפן קאָפּ און מיט אַ שעפער אין האַנט; זי האָט געגעבן אַ הויכן געניץ און אַריינגעזאָגט אין מאַרק אַריין: „אַי, אַ היץ, נישט צום אויסהאַלטן״. און מיט מידע, פוילע טריט, זיך געלאָזט צום פּלומפּ נאָך אַ קאַלטן טרונק. איך בין דורכגעגאַנגען דאָס שמאָלע מאַרק געסל. אין ראָג, אויף די צעמענטענע טרעפּלעך פון סקלאַד אַפּטעטשני, זיינען געזעסן צוויי יידן מיט אַראָפּגעלאָזטע צו דער שויס קעפּ, און האָבן ווי פאַרשמאַכט האַלב געדרעמלט. עפּעס אַ פויעריש וועגעלע מיט אַ פאַרמאַטערט פערדל, האָט זיך געשלעפּט איבער דער גאַס, און עס איז כמעט געוואָרן ווי איינס מיט דער אַרומיקער שטילקייט. איך האָב מיך פאַרנומען לינקס, אַראָפּצוגיין צום הויף, וואו איך האָב גערעכנט צו טרעפן באַקאַנטע.

אין אַ ראָג וואו ס׳קרייצן זיך דריי גאַסן, בין איך פאַרבייגעגאַנגען

לייזערס הויז און האָב פונדערווייטנס דערזען שמואלן. ער איז געשטאַ־
נען אָנגעשפּאַרט אין די וויענגלס פון הויז און געשיקט זיינע בליקן
ערגעץ אין דער וועלט אַריין. און אַ מאָדנע זאַך, אַלץ איז איצט געלעגן
פאַרשמאַכט און מיד פון דער היץ, אי די הייזער, אי די גאַסן, אי די
צוויי שלאָפנדיקע יידן אויפן בריקל. איין שמואל נאָר איז געשטאַנען ווי
גלייכגילטיק פונקט אַזוי מיד ווי שטענדיק, אָבער אָן דער ספּעציעלער
מידקייט, אין וועלכער די פייערדיקע תמוז זון האָט אַלץ און אַלעס אַריינ־
געוואָרפן. ער האָט מיך באַמערקט, מיר האָבן זיך באַגריסט, ער האָט
אָבער נישט געמאַכט קיין באַוועגונג צו מיר צוצוגיין. מיר, ווידער, האָט
שוין נישט געפּאַסט ווייטער צו גיין, בפרט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט,
האָב איך געפילט, אַז ער זוכט מיין נאָנטקייט. און כאָטש קיין שטאַרקן
חשק צוצוגיין צו אים האָב איך נישט געהאַט, פונדעסטוועגן האָב איך מיך
פאַרנומען רעכטס און בין צוגעגאַנגען.

— גוט שבת, שמואל.

— גוט שבת, גוט יאָר.

— וואָס שטייסטו עפּעס אין אַזאַ היץ אינדרויסן? — האָב איך גע־
פרעגט.

— אָט, שטייט מען, — האָט ער געענטפערט.

— און וואָס הערט מען עפּעס?

— וואָס זאָל מען הערן?

אונדזער געשפּרעך האָט זיך אויסגעשעפּט. אַ מינוט האָט געהערשט
אַ פיינלעכע שטילקייט. איך האָב נישט געוואוסט מיט וואָס ווייטער צו
ציען דאָס געשפּרעך און ס'האָט מיר שוין אָנגעהויבן באַנג צו טאָן צו וואָס
איך בין אינגאַנצן צו אים צוגעגאַנגען. אָבער אַוועקגיין איצט, האָב איך
אויך נישט געקענט, ווייל כאָטש שמואל האָט גאָרנישט געטאָן צו ציען
ווייטער אונדזער געשפּרעך, און איז פונקט ווי פריער געשטאַנען אָנגע־
שפּאַרט אין די וויענגלס פון הויז און די וואָסערדיקע אויגן האָבן
ווייטער גלייכגילטיק געקוקט אַרום זיך, האָב איך אָבער פאָרט באַמערקט,
אַז ער וואָלט זייער געוואָלט רעדן מיט מיר. איך האָב עס גע־
זען אין דעם מאָמענטאַלן צאַפּל פון זיין אויג מיט וועלכן ער פלעגט
רגעסווייז וואַרפן אַ בליק אויף מיר צי איך גיי נישט אַוועק. איך האָב עס
באַמערקט פון זיין האַרטנעקיק שווייגן, וואָס איז אויך געווען אַן אויס־
דרוק פון נישט וועלן זיך אָנוואַרפן, ווייל קיינמאָל בשעת אונדזער צו־

זאַמענטרעפן האָט ער נישט אַזוי האַרטנעקיק געשוויגן. איך האָב עס אינסטינקטיוו דערפילט און איך בין אויך נישט פון די נאָכגעביקע אין אַזעלכע פאַלן, אָבער איצט האָב איך מיך אונטערגעגעבן און געזאָגט:

— וואָס וועלן מיר שטיין אויף אַזאַ היץ? קום, וועלן מיר גיין אַביסל שפּאַצירן.

אויף אַ מינוט האָט זיך זיין בליק געגעבן אַ צינד אָן אין אַ לע־בעדיק פלעמל.

— יאָ, וואָס שטייען מיר? לאָמיר טאַקע גיין אַביסל שפּאַצירן — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען די גאַס שוויגנדיק. מיר איז געווען מורא־דיק פיינלעך צו שפּאַצירן מיט אָט דעם שאָטן און פאַר יעדן פּרייז האָב איך געוואָלט איבערייסן דאָס אומדערטרעגלעכע שוויגן. פּלוצלונג האָב איך מיך דערמאָנט, אַז שוין אַ גאַנצע וואָך ווי שמואל קומט נישט צו די לעקציעס און איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, שמואל, איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו פרעגן, פאַרוואָס קומט איר עפּעס נישט צו די לעקציעס?

אַ מינוט איז ער געבליבן שטיל, גלייך ער וואָלט געזוכט אין גע־דאַנק וואָס צו ענטפערן, און אַ זאָג געטאָן:

— כ'ווייס אַליין נישט, כ'בין געווען שטאַרק פאַרנומען, דער טאַטע איז עפּעס נישט געזונט געווען.

— און וואָס מאַכט ער? — האָב איך געפרעגט.

— שוין בעסער — האָט ער געענטפערט.

— אויב אַזוי — האָב איך ווייטער גערעדט — וועט איר די צווייטע וואָך שוין קומען, און דאָס וואָס איר האָט פאַרפעלט, קאָנט איר צוקומען צו מיר, וועל איך אייך איבערגעבן דעם אינהאַלט.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט און ווידער זיינען מיר אַ שטיקל צייט געגאַנגען אין שוויגעניש. פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, דאַכט זיך מיר, אַז איך וועל אינגאַנצן אויפהערן צו קומען אויף די לעקציעס.

— אָבער פאַרוואָס? — האָב איך מיך געוואונדערט, — אפשר צו־ליב דעם דעמאָלסטיקן פאַל מיטן לאַכן? אָבער קיינער איז דאָך ניט אויסן געווען אייך צו באַליידיקן; ס'טרעפט אַ מענטש איז זיך טועה און מען דאַרף גאָר נישט נעמען די זאַך אַזוי טראַגיש און ערנסט.

— נישט דאָס איז די סיבה — האָט ער געענטפערט — איך מוז מיך מודה זיין, אַז עפּעס בין איך אַן אויסטערלישער מענטש. איך קאָן נישט פאַרטראָגן דעם גאַנצן טומל פון דער חברה; מילא אין דער צייט פון דער לעקציע, זיצן דאָך אַלע שטיל אָבער שפּעטער, ווען מען צוגייט זיך, אַלע זיינען פריילעך, לאַכן שטיפן און איך פיל מיך שטענדיק אַן איבעריקער. גיט אַ קוק: וויינשטאָק, שלום, איר אַלע, שטענדיק האָט איר פון וואָס צו שמועסן און צו פּלוידערן, און איך? אייביק איז אַלץ אַרום מיר אַזוי פּוסט, אָן רייץ, און ווען וויינשטאָק גיט זיך אַ הילכיקן צעלאַך איבער דער מינדסטער קלייניקייט, גרילצט עס מיר אין די אויערן און ס'ווערט מיר אַזוי פּוסט און שווער, נישט צום איבערטראָגן.

אַ מינוט איז ער געבליבן שטיל און גלייך ער וואָלט געטראָפן מיינע געדאַנקען, האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— קאָן איך דאָך נאָך דער לעקציע אַהיימגיין, וועט איר זאָגן, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיך שוין מיט אייך צערעדט אָפנהאַרציק, מוז איך אייך אַלץ דערציילן. ווען איך זע אייך אַלע אַזעלכע לעבנסלוסטיקע, ווער איך צופרעסן פון קנאה, ס'ווילט זיך מיר אויך אַריינוואַרפן אין דעם גע־רויש, כ'וויל אויך לאַכן, שטיפן. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז איך קאָן נישט, גיב איך אַ לאַך, דערפיל איך תיכף די פאַלשקייט און נישט עכט־קייט, און ווען איך קום אַהיים נאָך אַזאַ פּאָר שעה אַרומשלעפן זיך ווי אַן איבעריקער צווישן אייך, וויינט אין מיר אַלץ פון קנאה און אוממעכ־טיקייט פון וועלן און נישט קאָנען. אַזאַ פאַרשאָלטענע צעריסנקייט אין מיר. דעריבער וועט אַ סך גלייכער זיין, ווען איך וועל אינגאַנצן אויפ־הערן צו קומען.

איך בין געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט. די אומגעריכטע ווידוי פון אָט דעם מענטשן, האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן. וואָס האָב איך אים גע־האַט צו ענטפערן? איך האָב גענומען זיין האַנט און זי שטאַרק געדריקט:

— נעמט אייך נישט צום האַרץ, שמואל, ס'איז בלויז אַ נישט קאָ־נען זיך צוגעוואוינען, וואָס וועט מיט דער צייט פאַרשווינדן, אויף די לעקציעס קומט און איר וועט זען, אַז אַלץ וועט זיין גוט.

— ס'איז אפשר נאַריש פון מיין זייט — האָט ער ווייטער אָנגע־הויבן — וואָס איך דערצייל עס אייך. אָבער עס זיינען פאַראַן מינוטן, ווען ס'רעדט זיך נישט ווילנדיק.

איך האָב אים נאָכאַמאָל פעסט געדריקט די האַנט, איך בין געוווען

אַזוי דורכגענומען פון דער ווידוי, אַז איך האָב דערפילט אַ פאַרלאַנג אים אַרומצונעמען, צודריקן צו זיך און אים טרייסטן, טרייסטן אָן ווערטער, בלויז מיטן אַריבערגיסן די גאַנצע מיטלייד און מיטגעפיל מיט וואָס מיין האַרץ איז פול געווען.

9.

פון יענעם שבת אָן בין איך מיט שמואלן געוואָרן אַ סך אינטימער, מיר פלעגן זיך אָפטער זען, ער פלעגט אויך פון צייט צו צייט אַריינקומען צו מיר און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דוצן. איך האָב זיך באַמיט קיינמאָל נישט צו דערמאָנען וועגן דעמאָלסדיקן געשפּרעך. אויך ער האָט דערפון נישט גערעדט, גלייך עס וואָלט עקזיסטירט צווישן אונדז אַ געהיימער אָפּמאַך מיר זאָלן וועגן דעם נישט רעדן. אָבער זיין אָפנהערציקייט און אינטימקייט מיט מיר יענעם שבת, האָט ווי פאַרזייט אַ קערנדל אין מיין האַרץ און דאָס קערנדל האָט געדייעט, זיך צעוואַקסן און איך האָב געפילט, צוזאַמען מיט דעם חוב געפיל, אויך אַ נויטווענדיקייט צו זיין אינטים. איך קאָן נישט זאָגן, אַז מיין פריינטשאַפט האָט אים אויסגעהיילט, נאָר באַמערקט האָב איך, אַז ער פילט זיך אין מיין אָנוועזנהייט אַ סך פרייער, אָבער דער סם וואָס איז געלעגן אין זיין בלוט, האָט אים כסדר געפרעסן און נישט אין מיינע כוחות איז עס געלעגן אים אויסצוהיילן.

און אָט דערמאָן איך מיך אַ פאַקט וואָס באַווייזט מיט וואָס פאַר אַן אומנאַטירלעכע מיטלען דער מענטש האָט זיך דוקא געוואָלט אַרויסרייסן פון זיין צעריסנקייט. ס'איז געווען מיט אַ יאָר שפּעטער, נאָך פּסח. דער חודש מאַי איז געווען אַ שיינער, ס'זיינען אויפגעשטאַנען טעג זוניקע און חנעוודיקע, און איינמאָל אַן אָוונט, בשעת מיר זיינען אַ גאַנצע גרופּע געגאַנגען שפּאַצירן, האָט שמואל זיך געגעבן אַ רוף אָן: ווייסטו וואָס חברה? לאָמיר דעם שבת גיין אויף מאַיאָווקע. „בראַוואָ, שמואל", האָבן אַלע מסכים געווען, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב ס'וועט נישט רעגענען, זאָלן מיר זיך אַלע טרעפן שבת באַגינען ביים הויף.

שבת, וואָס אַן אמת מוז איך מיך מודה זיין, האָט זיך מיר שטאַרק נישט געגלוסט אָפּירצוקריכן פון אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע. עפּעס האָב איך געפילט אַזאַ זיסע מידקייט אין אַלע גלידער, אַז ס'האָט זיך מיר

גאָר פאַרגלוסט זיך צו געבן אַ דעק אַרום, זיך גוט אײַנטולײַען און ווײַ־טער שלאָפן. נאָר איך האָב דאָך נישט געקאָנט מאַכן קײן חוזק פון זיך אַלײן, האָב איך געגעבן אַ וואַרף אַראָפּ פון זיך די קאָלדרע און אויף גיך זיך גענומען אָנטאָן.

איך בין אַרויס. פון שטוב. אַ קילע פרימאָרגנדיקע לופט צוזאַמען מיט אַ פרײַ באַגינענדיקער שטילקייט, האָבן מיך געגעבן אַ נעם אַרום. די לאַנגע שמאָלע גאַס מיט די צוויי שורות קלײנע הײַזלעך, פון וועלכע די לאָדנס זײַנען נאָך געווען פעסט פאַרמאַכט, איז נאָך געלעגן פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. דער שטײנערנער ברוק האָט געגלאַנצט מיט פײַכטקייט פון נאַכטיקן טוי, די גראָקייט אין וועלכן די הימלען זײַנען געווען פאַר־הילט האָט אויסגעזען ווי אַן אַש גרויע ראָלעט, מיט וועלכן מען פאַר־הענגט אַ פענצטער כדי די זון זאָל נישט אַרײַנשײַנען. דורך דעם ליי־דיקן פּלאַץ פון אַנטקעגנאיבער אונדזער הויז, האָט זיך געווייסט — צווישן גרינע לאַנקעס און יונגע, זיך אָנהייבנדיקע שוין צו גאָלדיקן — תבואה פעלדער, אַ לאַנגער פּאַס שאָסיי. לינקס האָט זיך געבלויט אַ גע־דיכטע טונקעלע וואַלד מאַסע, וועלכע האָט איצט געטונקען איר ריזיקן אומגעלומפּערטן קאָפּ אין גרויען הימל. די אַרומיקע שטילקייט האָט זיך אויף אַ מינוט אין מיר אײַנגעגעסן, אינגאַנצן מיך אַרומגענומען, און איך בין געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך גלײַך איך אַלײן וואָלט אויך ניט געווען מער ווי בלויז אַ טייל פון דער שלאָפנדיקער גאַס. פּלוצלונג האָט אַ פאַרזשאַווערטער אײַזערנער פרענט פון אַ לאָדן אַ קרעכץ געטאָן, אַ ייד מיט אַ פאַרפאַדערט קאָפּ אויפן קאָפּ און מיט פאַרשלאָפענע אויגן, האָט געעפנט אַ לאָדן, געגעבן אַ פוילן הויכן געניץ אין דער פוסטער גאַס אַרײַן און איז צוריק פאַרשוואונדן.

איך האָב מיך ווי אויפגעכאַפּט און זיך געלאָזט גײן צום הויף. דאָרט האָב איך שוין געטראָפן נאָך באַקאַנטע, אָבער די מאַיאָוקע איז נישט גע־ווען געלונגען. דער הימל איז נאָך אַלץ געווען אַ פאַרכמורעטער, אַ רעגנדל האָט אָנגעהויבן צו שפּריצן און ס'איז געוואָרן קילכלעך. אַלע זײַנען געווען ווי בייזלעך צוליב דעם נישט געלונגענעם שפּאַציר און איבערגעריסענעם שלאָף.

— ווייסט איר וואָס, חברה — האָב איך מיך אָפּגערופן — איך גיי צוריק אַ היים שלאָפן.

— און איך אויך — האָט זיך אָנגערופן אַ צווייטער און אַ דריטער.

איין שמואל בלויז האָט געזאָגט, אַז ער בלייבט. איך האָב געכאַפּט אַ בליק אויף שמואלן און געזען, אַז ער ציטערט אינגאַנצן פון קעלט.

— אַזוי שמעקט דיר איצט דער שפּאַציר? — האָב איך אים געפרעגט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער קלאַפּענדיג אַ צאָן אין אַ צאָן געענטפערט, — די לופט איז איצט אַזאַ געזונטע.

— זאָל דיר וואויל באַקומען — האָב איך אים געוואונטשן און זיך צוריק פאַרנומען אין שטאָט אַריין.

אויפן וועג האָב איך מיך אויסגעדרייט און געזען אים גיין אַרויף העכער צו די לאָנקעס צו און איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס צווינגט אים איצט, אין אַ פּשוטער קעלט, אַוועקצוקריכן אויף די לאָנקעס. כ'האָב נאָכאַמאָל געכאַפּט אַ בליק אויף אים און געזען ווי ער אײַלט מיט שנעלע טריט, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, וואַרפנדיק מיט די הענט, גלייך ער וואָלט געמאַכט אַ טריאומף־גאַנג. ווייזט אויס, אַז ער האָט דערפילט אַז איך קוק אים נאָך, ווייל אויך ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ געשריי געטאָן צו אונז אַוועקגייענדיקע: „אידענעס, באָבעס, ציטערן פאַר אַ ביסל קילקייט", און זיך צעלאַכט אויפן קול. אין דער רגע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיין עקשנותדיקער שפּאַציר היינט אויף דער מאַיאָווקע אין אַזאַ כמאַרנעם קילן טאָג, איז נישט מער ווי אַן אויסדרוק פון קעמפן מיט אייגענער שוואַכקייט און לעבנסלאָזיקייט: זיי ציטערן פאַר קעלט, און איך איינער בין אַ כוואַט און גיי טאַקע אויף מאַיאָווקע.

ס'איז פאַרביי אַ שטיקל צייט. מיינע פריינטלעכע באַציאונגען מיט שמואלן האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן. זיין כאַראַקטער, זיין גאַנץ אינערלעך וועזן איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר און עס איז גאָרנישט פאָרגעקומען אַזעלכעס וואָס זאָל מיר געבן עפּעס באַזונדערס צו טראַכטן וועגן אים. נאָר מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער, איז געשען עפּעס, וואָס האָט אין דעם האַלבטויטן און לעבנסלאָזן בחור אַריינגעבלאָזן אַ רוח חיים, געמאַכט אין אים אַ גאַנצע איבערקערעניש, און וואָס האָט אים דערפירט צו אַזאַ טאַט, וואָס וואָלט מיר קיינמאָל אין לעבן נישט אײַנגעפאַלן אַז דער מענטש זאָל זיין פעאיק דערצו. נאָר לאָמיר דערציילן אַלץ בהדרגה.

## 10.

אין יענער צייט, נאָכדעם ווי די דייטשן זיינען אַוועק פון פוילן, האָט די יידישע יוגנט אין שטעטל ווי אויפגעוואַכט, זיך געגעבן מיטאַמאָל אַ וואָרף אַריין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס'האָבן זיך געגרינדעט פאַרטייען, און זיך געעפנט פאַראיינען. פּראָבלעמען פון וועלט און לעבן האָבן ענערגיש געמאָנט פאַרענטפערונג און באשייד. האָט מען געלייענט און געלערנט. מיט איין וואָרט: עס איז געווען אַ לעבעדיקע און רירעוודיקע צייט.

אין דעם פאַראיין וואו איך און שמואל זיינען געווען מיטגלידער, האָט זיך איין אָונט באַוויזן אַ מיידל וועלכע איך האָב נישט געקאָנט. וויזט אויס, אַז זי איז דאָ געווען צום ערשטן מאָל, ווייל איר האַלטונג איז געווען אַ נישט דרייסטע און זי האָט זיך כסדר געהאַלטן אין דעם ארעם פון דער חברטע מיט וועלכער זי איז אַרויפגעקומען, פּונקט ווי אַ קינד וואָס האַלט זיך ביי דער מאַמעס פאַרטוך צווישן פרעמדע מענטשן. מיר זיינען געשטאַנען אַ גרופּע אינמיטן זאַל און היציק דיסקוטירט וועגן דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע, ווען זי איז, פּעסט אָנלענענדיק זיך אויף דער חברטעס ארעם, צוגעקומען צו אונדז. די באַקאַנטע האָט זי פאָרגעשטעלט. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ נידריקע און דיקלעכע. אַ געדיכטער קאָפּ האָר פון קאַשטאַן קאָליר האָט זעלטן גוט האַרמאָנירט מיט די ראָזעווע רויטלעכע באַקן פון וואַנען עס האָט געשפּריצט מיט געזונטקייט. זי האָט זיך שטאַרק פאַרויטלט ווען וויינשטאַק, אַ שיינער הויכער בחור מיט אַ פּאָר קלוגע שעלמישע אויגן, האָט זי תיכף געפרעגט איר מיינונג וועגן דער פראַגע וואָס מיר האָבן דיסקוטירט. אָבער אַ מאָדנע זאַך: פון איר רויטלען זיך און פון דער פאַרלעגנהייט האָט אַרויסגעשפּריצט אַ באַהאַלטענע פריילעכקייט און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אין אַ מינוט אַרום וועט זיך דאָס מיידל געבן אַ צעלאַך מיט אַ הילכיק שפּרודלענדיק געלעכטער, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער פאַרלוירנקייט אירער. שפּעטער האָב איך מיך איבערצייגט, אַז כ'האָב קיין טעות נישט געהאַט, ווייל אַזאַ געזונט, האַרציק, פול מיט נאַטירלעכקייט געלעכטער, האָב איך זעלטן ווען געהערט. און אַפילו ווען זי האָט נישט געלאַכט, האָט דער געלעכטער אַרויסגעשפּרודלט, אי פון איר דיקלעכן געפּאַקטן קערפּער, אי פון די קערנדיקע האַרטע עפּל ברוסטן, וועלכע האָבן זיך אַזוי ענערגיש געריסן פון דער לייכטער

בלוזקעלע, אי פון די בלויע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט אויף אַלץ מיט חידוש און קינדערשע נאַאיווקייט.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דבורהלע (אַזוי האָט זי געהייסן), איז געוואָרן אונדזער אַלעמענס ליבלינג. כאָטש פאַרליבט אין איר האָט זיך קיינער נישט.

און אָט דאָס מיידל האָט שמואלן אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערט־קייט. בליקן פאַרראַטן אייביק פאַרליבטע. און אויך מיט שמואלן איז געשען דאָס אייגענע. שטענדיק, ווען ער איז נאָר אַריינגעקומען אין פאַר־איך, האָבן זיינע אויגן געגעבן אַ האַסטיקן פאָר דורך איבערן זאַל, און ווען זי איז געווען, האָט זיך זיין בליק מיטאַמאָל אויסגעלייטערט. די כמורנע, וואַסערדיקע אויגן, וועלכע האָבן אייביק געהאַט דעם קאליר פון די גרויע שטיקער הימל וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די בית עולם ביימער אין אַ טריבן טאָג — האָבן באַקומען אַ גלאַנץ און דאָס געל וואַקסיקע פנים האָט זיך אָנגעהויבן מינען אין לעבעדיקע קאָלירן. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, וואָס אויך זי איז נישט געבליבן גלייכגילטיק צו אים. איך ווייס נישט צו דערציילן ווי אַזוי זייער נאָענטקייט האָט זיך אָנגעהויבן און אַנטוויקלט. און נישט דאָס בין איך אויסן. פאַרבאָרגן זיינען די וועגן און שטעגן פון מענטשלעכן האַרץ און ווער קאָן וויסן און אויסלייגן אויף טעלערלעך די געהיימע פעדים און אונטערוועגעלעך וואָס בינדן צענויף דוקא די פרוי מיט יענעם מאַן. נאָר ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן: האָט דוקא די טרויעריקע האַלב מעלאַנכאָלישקייט אין שמואלן, געלאָקט דאָס לעבנסלוסטיקע מיידל. אַרויסגעוויזן האָט זיך דאָס איינמאָל אין אַ פינצטערן אָוונט, גייענדיק אין גאַס, האָב איך פונדערווייטנס געזען שפּאַצירן צוויי מענטשן, און ווען איך בין צוגעקומען אַביסל נענטער, האָב איך דערקאָנט שמואלן מיט דבורהלען.

איך האָב נישט געוואוסט, אַז עס האַלט שוין ביי זיי אַזוי ווייט, און איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך האָב מיך נישט אויפגעפּירט מעשה דזשענטעלמען. מיר איז געוואָרן געוואַלדיק אינטערעסאַנט צו הערן וועגן וואָס זיי שמועסן. בין איך שטיל נאָכגעגאַנגען און געהערט ווי ער קלאָגט זיך פאַר איר, אַז דאָס לעבן איז אים מוראדיק פוסט און, אַז אָן איר ווייסט ער גאָרנישט מיט וואָס ער וואָלט אויסגעפילט די צייט, וואָס שלעפּט זיך אַזוי אָן טעם און אָן אינהאַלט. און אַז אַ סך מאָל, איידער ער האָט

זי דערקאָנט, פאַרשטייט זיך, האָט ער געטראַכט פון זעלבסטמאָרד.

פונדערוויטנס האָב איך באַמערקט, ווי זי האָט אַרונטערגערוקט איר האַנט אונטער זיין אָרעם, זיך געטוליעט צו אים, גלייך זי וואָלט געוואָלט מיט איר יונגן און קערנדיקן קערפּער אים באַשיצן און אַריינגיסן אין אים לעבנס־זאַפט.

אַזוי איז פאַרביי אַ גאַנצער זומער. אַז שמואל מיט דבורהלען זיינען נאָענט, איז שוין פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. און נישט איינמאָל פלעגן מיר זיך וויצלען אויף דעם חשבון פון דעם אַזוי פאַרשידנאַרטיקן פּאָרל. מיט שמואלן האָב איך קיינמאָל וועגן דעם נישט גערעדט און נישט ער האָט מיר עפּעס דערציילט. ביי מיר אָבער האָב איך געטראַכט, אַז אָט די ליבע וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן. ווייל געדאַנקען וועגן פּוסטקייט און אינהאַלטסלאָזיקייט פון לעבן, קענען אַמאָל געבן אַ רייס מיט אַ יונג, פריילעך, פול מיט לעבנס־זאַפט מיידל, זי קאָן אויף אַ שטיקל צייט אויסלאָדן די מוטערלעכע געפילן, וועלכע יעדעס יונגע מיידל טראָגט ערגעץ פאַרבאָרגן טיף אין זיך, אָבער אַז דאָס זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ שטאַרק געפיל, דערין האָב איך קיינמאָל נישט געגלויבט.

עס פלעגט זיך מיר אַמאָל פאָרשטעלן אין געדאַנק, ווי אַזוי פילט זיך אַזאַ מיידל, ווען אַזאַ האַלב טויטער מענטש וויל זי אַמאָל אַרומנעמען און אַ קוש טאָן, און איך האָב אויפגעציטערט מיט שרעק פאַר אָט דער דבורהלען, אין וועלכער עס האָט געדרעמלט אַ האַלב פאַרשלאָפן פייער, וואָס מיט איין אויפוועקנדיקן קוש איז זי אימשטאַנד געווען אַ מאַן צו פאַרברענען. און שמואל זאָל עס זיין דער באַרופענער דערצו... און ווידעראַמאָל האָב איך קיין טעות נישט געהאַט.

## 11.

עס איז שוין געווען נאָך סוכות, ווען אין פאַראיין האָט זיך באַוויזען אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער בחור. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר צוויי אָדער דריי און צוואַנציק. אַ הויכער, שלאַנקער יונג מיט אַ שוואַרצער, צעפלאָסענער טשופּרינע און צוויי קויל־ שוואַרצע גליענדיקע אויגן, וועלכע האָבן אַזוי דרייסט און ענערגיש געקוקט אַרום זיך, און וואָס האָבן אָבער געקאָנט דיך געבן אַמאָל אַ נעם אַרום מיט אַזאַ האַרציקייט און צוגעלאָזנקייט, אַז זיי האָבן דיך אינגאַנצן געוואונען מיט זייער מילדקייט און גוטסקייט.

און כאָטש ער איז געווען אַ פּרעמדער, האָט ער שוין דעם ערשטן אָונט געשמועסט מיט אַלע, גלייך ער וואָלט אונז שוין יאָרן לאַנג גע־קאַנט. איך געדענק, באַלד דעם ערשטן אָונט, אַזוי ווי איך האָב מיך נאָר מיט אים באַקאַנט, (איך בין אַ קליין געוויקסיקער און האָב אים דער־גרייכט ביז צום אַקסל), האָט ער מיך תיכף געגעבן אַ נעם אָרום מיט זיין גרויסער און אויסגעאַרבעטער האַנט און מיך פריינטלעך געטוליעט צו זיך. ער איז געווען אַ קלוגער אינטעליגענטער יונגערמאַן, געווען באַ־האַונט אין אַלץ און געזונגען מיט אַ האַרציקער שטימע אַ מאַסע פאָלק־לידלעך. ער איז געווען אַ פרייליכער און האַרציק גוטער חבר און גאָר אין אַ קורצער צייט זיינען מיר געוואָרן די בעסטע און נאָנטסטע פריינט. ער איז געווען אַ סטאָליער, אַ גוטער באַלמעלאָכע, און ער האָט באַלד געקראָגן אַרבעט.

די ערשטע צייטן האָב איך גאָר נישט געוואוסט פון זיין פאַרגאַנגנ־הייט. נאָר איינמאָל, אין אַן אינטים געשפּרעך, ווען ער האָט געקאַנט זיין האַרציק און צאַרט ווי אַ קינד, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז אַ פּאָליטיש פאַרפאָלגטער און צוליב דעם האָט ער געמוזט אַוועק פון דער היים. מער ווי צוויי דריי נאָנטע חברים האָבן דערפון נישט גע־וואוסט, און אַזוי איז פאַרביי אַ שטיקל צייט.

און זייט דער יונגערמאַן (גראָסמאַן האָט ער געהייסן) האָט זיך באַ־וויזן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ דערוויטערונג צווישן שמואלן און דבורהלען. עפּעס אַזוי ווי פון זיך אַליין איז עס פאָרגעקומען, אַז די צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך דערנענטערט. איך דערמאָן זיך, איינמאָל איז גראָס־מאַן געזעסן מיט דבורהלען אויף איין באַנק, מיט איין האַנט האָט ער זי געהאַלטן האַלב אַרומגענומען ביי דער טאַליע,ביידע האָבן געזונגען עפּעס אַ פאָלק לידל. זי איז יענעם אָונט נישט געווען אַזוי שיין ווי פריש, די קאַשטאַן האָר האָבן זיך אין חנעוודיקער אָרדנונגסלאָזיקייט צעוואָרפן און זיך געכוואַליעט איבערן שטערן. דאָס פּנים, די אויגן האָבן געלאַכט און געלויכטן מיט אויפגעוואַכטן ניי געבוירענעם פרילינג. כאָטש אין דרויסן איז געווען הערבסט. ס'איז אַריינגעקומען שמואל. צופעליק איז מיין בליק געפאַלן אויף אים. אַ רגע איז ער געבליבן שטיין. זיין גאַנץ געשטאַלט איז ווי קלענער געוואָרן און זיך איינגעשרומפּן. ער האָט זיך געטראָפן מיט מיין בליק און זיך ווי אויפגעכאַפּט. ער איז צוגעקומען נענטער. דבורהלע האָט זיך פאַרלוירן און מיט אַ לייכטער באַוועגונג אַוועקגענומען גראָסמאַנס האַנט פון איר טאַליע. שמואל, גלייך ער וואָלט

וועלן באַהערשן זיין אויפגערעגטקייט, איז יענעם אָוונט געווען עפּעס מאָדנע אויפגעלייגט, גערעדט אָן אַ מאָס, זיך געוויצלט און געלאַכט. איך אָבער, וואָס האָב אים טיפער געקאַנט, האָב אַרויסגעפילט פון זיין געלעכטער דעם קלאַנג פון פאַרזשאַווערט אייזן און געזען האָב איך בולט, אַז די גאַנצע פריילעכקייט איז נישט מער ווי אַ שלעכטע מאַסקע, פון וואַנען עס קוקט אַרויס פאַרביטערטקייט און פאַרצווייפלונג.

אַ פּאָר וואָכן צייט נאָכדעם איז שמואל נישט אַרויסגעקומען אין פאַראיין אַריין, איך האָב געטראַכט: אפשר איז ער עפּעס נישט געזונט און איך בין אַריינגעגאַנגען צו אים אין שטוב. איך האָב אים געטראָפן ביי דער מאַשין. ער האָט זיך נישט דערפרייט מיט מיר אַזוי ווי שטענדיק, ווען איך פלעג צו אים אַריינקומען. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס מען זעט אים נישט, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז אַביסל פאַרקילט און ווידער געלאָזט די מאַשין. איך האָב דערפילט אַז עפּעס איז ער נישט צופרידן מיט מיין וויזיט, האָב איך מיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

ווידער איז פאַרביי מער ווי אַ וואָך צייט. שמואלן האָב איך די גאַנצע צייט נישט געזען. נאָר איינמאָל אינדערפרי, ווען איך בין אַרויסגעקומען אין גאַס, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די נאַכט האָט מען אַרעסטירט גראָסמאַנען, אים געשמידט אין קייטן און אַוועקגעשיקט. אין דער פּאָליציי האָט מען זיך נאָך מי און מאַטער דערוואוסט בלויז צוויי ווערטער: „אַ קאָמוניסט און דעזערטער".

די ידיעה האָט אונז אַלעמען, און מיך אַמערסטן, געטראָפן ווי אַ דונער. מיר האָבן זיך געבראָכן די קעפּ: ווער האָט אים געמסרט? דאָ אין דער פּאָליציי איז ער געווען איינגעמאָלדן מיט אַלע נויטיקע פּאַפּירן. אַז ער איז אַ פּאָליטיש פאַרפאָלגטער האָבן מער ווי צוויי דריי נאָנטע מענטשן נישט געוואוסט. אָבער וואָס האָט געהאָלפן דאָס קלערן? גראָסמאַן איז שוין געווען ווער ווייסט וואו?

עס איז געווען אַ שטיק נאָך סוכות. די כסדרדיקע רעגנס האָבן אַזוי צעווייקט די ליימיקע ערד און די אומברוקירטע גאַסן פון שטעטל, אַז עס איז פּשוט נישט מעגלעך געווען אַ פוס אַרויסצושטעלן. עס האָט געמוזט זיין אַרום ניין אַזייגער ביינאַכט. איך האָב נאָר וואָס געהאַט אַוועקגעלייגט די אַרבעט, וויפיל מעגלעך האָב איך איינגעשטעלט די ברעטער, צעגויפגעקערט די סטרוזשענעס אין דעם וואַרשטאַט, וואו איך האָב געאַרבעט און אויך געוואוינט. אינם אייזערנעם אויוועלע האָט געקנאַקט אַ

פריילעך פייערל. איך בין געזעסןביים וואַרשטאַט, וועלכער האָט מיר גלייכצייטיק געדינט ווי אַ טיש. דורכן פאַרמאַכטן לאָדן האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין צימער דאָס איינטאָניקע קלאַפּן פון די רעגן־טראָפּנס וואָס זיינען געפאַלן אין דער צעווייקטער ערד. אויך ביי מיר אין געמיט איז געווען בלאָטיק און האַרבסטיק. ס'איז געווען דער ווינטער נאָך דער פויליש־רוסישער מלחמה, אינדערצייט, ווען דאָס גאָר וואָס געבוירענע יונג־ברויזנדיקע לעבן אין די ידישע שטעטלעך איז מיט איין קלאַפּ אָפּגעשטעלט געוואָרן, און צוליב וואָס טאַקע איך האָב געמוזט פאַרוואַרפן ווערן אין אָט דעם העק. און ווי איך בין אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות, האָב איך געהערט אַ גראַבלען ביי דער טיר, נאָכדעם טריט אין פאָרהויז, און באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און פאַר מיר איז געשטאַנען מיין אַלט באַקאַנטער שמואל לייזער דוד שיעס.

— שמואל! — האָב איך מיך שטאַרק דערפרייט מיט אים — פון וואַנען דערנעמסטו זיך האָ?

— איך קום פון לובלין, און וויסנדיק אַז דו אַרבעטסט אין דעם שטעטל, בין איך אָפּגעטראָטן, — האָט ער מיר געענטפערט.

איך בין געווען שטאַרק צופרידן פון זיין באַזוך, ווייל שוין חדשים אַז איך האָב נישט געהאַט געזען קיין נאָענטן מענטשן.

מיר זיינען געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט, זיך דערמאָנט אין דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט. איך האָב זיך געפרעגט אויף באַקאַנטע. אַ סך זיינען געווען אין מיליטער, אַ סך אין טורמע. „און וועגן גראָסמאַנען ווייסט מען טאַקע גאָר נישט וואו ער איז אַהינגעקומען?״ האָב איך פלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

אַ מינוט האָט ער גאָר נישט געענטפערט.

— מען ווייסט טאַקע גאָר נישט? — בין איך נישט אָפּגעשטאַנען. מיין בליק איז געפאַלן אויף שמואלן. ער איז אינגאַנצן געווען בלייך, גלייך דאָס בלוט וואָלט אים אויסגערונען. די אונטערשטע ליפּ האָט ער פעסט פאַרביסן צווישן די ציין, פונקט ווי אַ קראַמפּ וואָלט אים אָנגעכאַפּט.

— וואָס איז דיר שמואל? — האָב איך מיך אָנגערופן — ס'איז דיר עפּעס נישט גוט?

ער האָט אַ מאַך געטאָן מט דער האַנט איך זאָל מיך נישט באַאומרואיקן. איך האָב זיך צוריק אַוועקגעזעצט און מיט אומרואיקע בליקן

געקוקט אויף אים. איך געדענק נישט ווי לאַנג מיר זיינען אַזוי געזעסן און געשוויגן. און פּלוצלונג האָט זיך שמואל געגעבן אַ רוף אָן:

— און דו ווייסט טאַקע נישט ווער עס האָט דעמאָלט געמסרט גראָס־מאַנען?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? — האָב איך מיך געוואונדערט. עפּעס איז פאַרבייגעפלויגן דורך מיין מוח. איך קאָן עס נישט אָנרופן: חשד, אָבער מאָדנע מטושטושדיקע געדאַנקען האָבן גענומען פאַרביישוועבן אין מיין מוח:

— און דו ווייסט נאָך אַלץ נישט ווער? — האָט ער געקוקט אויף מיר מיט אַ פּאָר אויגן, וועלכע זיינען פון גלייכגילטיקע און וואַסערדיקע פּלוצלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פלאַמענדיקע און מיט בלוט אָנגע־גאָסענע, — ס'טייטש איך, איך האָב אים געמסרט, און דו, שוטה, האָסט נישט פאַרשטאַנען, אַז עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין צווייטער.

איך בין געבליבן ווי פאַרטויבט, גלייך מען וואָלט מיר דערלאַנגט מיט דער טעמפּער זייט פון אַ האַק איבערן קאָפּ. אַ מינוט בין איך גע־בליבן ווי פאַרשטיינערט. באַלד האָב איך מיר געגעבן אַ שטעל אויף, צו־געלאָפן צו אים, אָנגעכאַפּט פאַר די לאַצן און אים גענומען טרייסלען:

— דו, דו ביסט עס געווען דער מסור, דו שמואל, און דאָס ביסטו געקומען מיר דערציילן? — און מיטאַמאָל האָב איך דערפילט אַ שוואַכ־קייט אין אַלע גלידער, די הענט זיינען מיר שלאַבערדיק געוואָרן, און איך האָב אָפּגעלאָזט די לאַצן פון זיין רעקל. די פיס האָבן זיך מיר אָנגעהויבן ווי איינברעכן און ס'איז מיר געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז איך האָב דערפילט: אָט, אָט פּלאַץ איך אַרויס מיט אַ געוויין. — אָבער צוליב וואָס ביסטו גע־קומען מיר דאָס אַלץ דערציילן? — האָב איך מיט אַ געבראָכן קול גע־פרעגט.

— צוליב וואָס? ווייל איך האָב שוין מער נישט געקאָנט איבער־טראָגן — האָט ער געענטפערט, און זיינע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר מיט שנאה, אפשר דערפאַר ווייל ער האָט עס געמוזט דוקא מיר דערציילן, שוין מער ווי אַ יאָר צייט.

— זייט דאַן מאַטערט מיך, — האָט ער ווייטער גערעדט — ס'איז נישט אמת, אַז איך פאָר פון לובלין (ערשט איצט האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אין יענער שעה איז גאָר נישט פאַראַן קיין קאָמוניקאַציע מיט לובלין). — איך בין ספּעציעל געקומען, ווייל מער האָב איך שוין נישט געקאָנט

אויסהאַלטן אַליין צו טראָגן אָט דעם שרעקלעכן סוד. עס איז געווען אַ שטיקל צייט, האָט ער ווייטער גערעדט, — ווען איך האָב געמיינט אָט, אָט בין איך שוין אַן אויסגעהיילטער, און ער איז געקומען און זי מיר צו־גענומען. איך האָב געליטן, געבלוטיקט, געקריצט מיט די ציין ביז עס איז געשען. איצט וויסטו שוין אַלץ, אורטייל מיך ווי דו ווילסט נאָר אַליין. איבריקס, גייט עס מיך קנאַפּ וואָס אָן ווי מען זאָל מיך נישט אורטיילן.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. עטלעכע מינוט האָט געהערשט אַ שווע־רע שטילקייט, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן:

— אָפטמאָל טראַכט איך: אויף מיר ליגט עפּעס אַ שרעקלעכע מאַכט פון אַ פאַטאַלן און פינצטערן גורל. היינט, נאָך אַ יאָר בלוטיקן, זע איך בולט, אַז די גאַנצע, אימשטיינס געזאָגט, ליבע מיינע מיט דבורה־לען, איז געווען אַ מוראדיקער און פאַטאַלער טעות, פּונקט ווי מיין גאַנץ לעבן וואָס איז אויך נישט מער ווי אַן אייביקער פּלאָנטער פון וועלן און נישט קאָנען.

ער איז שטיל געבליבן. איך בין נאָך אַלץ געזעסן פאַרזונקען אין שווערע מחשבות. ער האָט אַרויסגענומען דאָס זייגערל:

— נו, ס'איז שוין באַלד האַלב דריי אַ זייגער, באַלד האָב איך אַן אויטאָ אַ היים. זיי מיר געזונט,— האָט ער מיר אויסגעשטרעקט די האַנט — וועסט געבן אַ האַנט אַ פּראָוואָקאַטאָר? — האָט ער געשמייכלט מיט גאַל.

איך האָב אים מעכאַניש געגעבן די האַנט. ווי פאַרגליווערט בין איך געזעסן און מיט גלעזערנע אויגן געקוקט ווי ער עפנט די טיר און גייט אַוועק, דורך מיין מוח האָבן זיך כסדר געהאַלטן אין פּלאָנטערן זיי־נע ווערטער: „אויף מיר ליגט עפּעס אַ שרעקלעכע מאַכט פון אַ פאַטאַלן און פינצטערן גורל", און פון די ווערטער האָט זיך פאַמעלעך, פאַמעלעך גענומען פאַרשטעלן פאַר מיר די גאַנצע טראַגעדיע פון אָט דעם אומגליק־לעכן מענטשן. איך האָב זיך ווי אויפגעכאַפּט. איך האָב געוואָלט נאָכ־לויפן און אים זאָגן: מענטש, איך פיל דיין ווייטיק און דיין צעריסנקייט. דער אויטאָ אָבער איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק, און איך בין געבליבן זיצן מיט אַ געזונקענעם קאָפּ, און אין מיינע אויערן, אין מיין האַרץ האָבן כסדר אָפּגעקלונגען זיינע ווערטער: אויף מיר רוט עפּעס אַ שרעקלעכע מאַכט פון אַ פאַטאַלן און פינצטערן גורל . . .

(סוף)